ל ז כ ר ו ן

מיין תלמיד וואָלף ס״ט,
די עדה יידן פון מיין געבוירן־שטעטל ס ט ע ר צ ע ו ו
און פון מיין היימשטאָט ס אָ ס נ אָ ו ו צ ע,
וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן
דורכן אַכזריותדיקן היטלעריזם.

ה. פערלמוטער

# אַן אַקטיאָר אין אוישוויץ




פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשל"ב — 1972

H. PERLMUTER

# AN AKTIOR IN AUSCHWITZ

# ה. פערלמוטער / אַן אַקטיאָר אין אוישוויץ

בילד פון מחבר געצייכנט : מיכאל מילבערגער

צייכענונג פונעם שער : אהרן גרונדמאַן

פאַרלאַג „המנורה" רח' זנגביל 24, תל־אביב, ישראל
"Hamenora" Publishing House, 24 Zangwill St. Tel-Aviv, Israel





דפוס „ארזי", ת"א, אילת השחר 4

# הקדמה

אינעם יאָר ניינצן זיבן און זעכציק איז דערשינען דאָס ערשטע בוך פון ה. פערלמוטער „מיין סטערצעוו״ — אַ לויב־געזאַנג אויף אַ קליין שטעטל אין פוילן, ווו דער מחבר איז געבוירן געוואָרן. „מיין סטערצעוו״ איז געווען אַ לירישע נסיעה אין דעם לאַנד פון דער קינדהייט, אַ צוריקקומען צו ערטער אַרומגעהילטע מיט זכרונות, פרייע פון די אַלע איבערלעבענישן, וועלכע האָבן שפּעטער פאַרמאַטערט נישט בלויז דעם מחבר. ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און אפשר דערפאַר האָט זיך ביי אים דערוועקט דער ווילן צוריקצוקערן זיך קיין סטער־צעוו, ווו עס איז געווען ביטער, אָבער ווו יידן האָבן גע־לעבט, געאַרבעט, געפּאָרעט זיך און געהאָפט. „סטערצעוו״ איז נישט בלויז אַ געאָגראַפישער באַגריף — סטערצעוו דאָס איז טאַטע, מאַמע, ברידער און שוועסטער, דאָרט איז גע־שטאַנען אַ הויז, ווו איבער זיין וויג האָט געזונגען אַ וויג־ליד די מאַמע.

אין סטערצעוו האָט זיך געיאַוועט אַ „טעאַטער־אַנ־סאַמבל״. אין וועלכן יידישן שטעטל האָט מען נישט גע־שפּילט „טעאַטער״? און אָט דער עפּיזאָד איבער וועלכן פערלמוטער האָט געשריבן אין זיין ערשטן בוך, האָט אין אַ גאָר שטאַרקער מאָס באַאיינפלוסט דעם מחבר. ער האָט זיך פאַרליבט אין דער וועלט פון אילוזיע און שפּעטער... אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט ער פאַר הונדערטער צום טויט פאַרמשפּטע יידן ווידער געשאַפן יענע אילוזיע, וואָס

נאָר די קונסט איז בכוח צו שאַפן. אַ ליבהאָבער פון דער ייִדישער ליטעראַטור האָט ער אינעם טיפסטן דנאָ פון גיהנום געעפנט אַ שפּאַלט, אַן אויסבליק צום לעבן אין פרייהייט.

נאָך דער מלחמה פלעג איך — נאָך זייענדיק אין וואַרשע — באַקומען גרוסן פון ה. פּערלמוטער, אַ חבר פון אוישוויץ און דאַכאַו. כ׳בין אָבער פון די גרוסן נישט גערירט געוואָרן. ווער איז ה. פּערלמוטער? ווי זעט ער אויס? ווער איז ער געוועזן? אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר זיינע פריינד פון פּאַריז קלאָר געמאַכט: פּערלמוטער איז דער „טע־אַטראַל".

ווער „טעאַטראַל" איז, האָב איך זיך גלייך דערמאָנט. דאָס איז געווען יענער חבר, וואָס האָט אין קאַצעט רעצי־טירט און געשפּילט טעאַטער. איך ווייס, אַז דאָס איז נישט דער ריכטיקער אויסדרוק, וויכטיקער איז אָבער גע־ווען די סיטואַציע, אין וועלכער אַ ייִד, אַ געפּייניקטער ווי אַנדערע, און צום טויט אַ פאַראורטיילטער ווי אַנדערע, האָט געפונען אין זיך דעם מוט צו וועקן די פאַרגאַנגענע ייִדישע ליטעראַטור, ייִדישע לידער, ייִדיש טעאַטער.

פּערלמוטערן האָט מען אין לאַגער גערופן „טעאַטראַל": דאָרט אויף דעם שטח, אַ באַהערשטן פון לייד, אוממענטש־לעכקייט און ברוטאַליטעט, דאָרט האָט „טעאַטראַל" אויפגעוועקט צום לעבן שלום־עליכמען, פּרצן, אַנסקין, אַשן, לייוויקן, בראָדערזאָנען און אַנדערע ייִדישע ליטעראַטור־שאַפער.

מיר גייען אונטער, אונדזערע לעבנס צאַנקען ווי דער סוף פון אַ ליכטל, דער טיפוס און טובערקולאָז, דער הונ־גער און די קוילן פון די ס.ס.־לייט פאַרלאַנגען טאָג און

נאַכט נייע קרבנות, און טראָץ דעם, ווי אויף צו להכעיס, זאַמלען מיר זיך צונויף און אַנטלויפן פונעם לאַגער פון טויט, אויף דעם שטח פון דערהויבנקייט און מענטשלעכ־קייט. דאָרט זענען מיר ווידער פרייע מענטשן. דער „טע־אַטראַל" רעציטירט...

דער „טעאַטראַל" איז אַ דרייסטער מענטש, נאָך פינף און צוואַנציק יאָר קערט ער זיך צוריק קיין אוישוויץ און דאַכאַו, ער וויל נאָך אַ מאָל אַדורכשפּאַנען די געסלעך פונעם געטאָ, די ראַמפּע ווו די טויטצוגן פלעגן זיך פאַר־האַלטן. פון אייגענעם ווילן קוקט ער נאָך אַ מאָל זיך צו צו די קרעמאַטאָריעס... וואָס פאַראַ מוט — נאָך אַ טרעפן זיך מיט פרוי און קינד, מיט נאָענטע, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן.

א ייִד דערציילט איבער זיך. איבער זיך? איבערו מיר, און דיר, איבער אונדז אַלעמען, וואָס זענען דאָרט געווען. נעם אָן דעם מוט, וועלכן דער מחבר האָט געהאַט ווען ער האָט אָט די בלעטלעך געשריבן. צי נאָר מיט טינט?

**סט. וויגאָדסקי**

גבעתיים (ישראל) דעם 4טן אויגוסט 1971

# „די אוישוויצער“ אין דאַכאַו

ווינטער. נאַכט. אַ גרופּע לאַגערניקעס צוזאַמענגעיאָגט ביים שטעכיקן דראָט. מען ציילט זיי — צום וויפלטן. מען מוסטערט זיי אין וועג צו אַ נייעם לאַגער, פון דעם צענדליק אויסן־לאַגערן אַרום דאַכאַו. מען האָט די אָפּסעלעקטירטע אַרויסגעיאָגט פון די באַראַקן אין מיטן דער נאַכט, זיי זאָלן זיך איינפּאַקן און זיין גרייט אין וועג... זיי זיינען איינגעפּאַקט: די צעשלאָגענע מידע ביינער אין די זעק, שלאַבעריקע הויט.

עס שאַריעט אויף טאָג. בלויע שטערן ווערן בלייך. דער בלייכער הימל איז פּראָסטיק בלוי. די מחנה רירט אין וועג, שוואַרצע שאָטנס אויפן פרישן שניי. מען גייט ביים ברעג פון אַ וואַלד. די גרינע יאָדלעס האָבן אַראָפּגעבויגן זייערע קעפּ, אונטערן בלישטשענדיקן שניי אויף זיי. אַלע גייערס זענען יונגע. דער גאַנג צעוואַרעמט די פאַרפראָרענע גלידער. אפשר דערמאָנט זיך דאָ אימיצער אַ שול־שפּאַציר צום היימישן וואַלד. ווען ניט די שומרים מיט די ביקסן, וואָלטן זיי אויפגעזונגען אַ ליד...

מען זעט שוין ניט דעם לאַגער, וועלכן מען האָט פאַרלאָזן. אין די מאַסן־קברים, ביים וועלדל דאָרט, נעבן דער גרויסער גרוב, זיינען גע־בליבן אייגענע — אַ טאַטע, אַ ברודער, חברים. דרייט מען אויס דעם קאָפּ אויף צוריק, מען געזעגנט זיך מיט אַ טרער, וואָס בלייבט פאַרפראָרן אויף די וויעס.

דער וועג איז ניט לאַנג. אָט שוין אַ צווייט וועלדל, און אין אים דער צווייטער לאַגער, אַ נייער, מיט נייע באַראַקן, פאַרגראָבענע אין דער ערד. דער נייער דראָט אַרום לאַגער שיינט, ווי די זילבערנע כלים, וואָס אַ מאַמע נעמט אַראָפּ ערב פסח פון בוידעם.

ביים טויער דערוואַרט אַ קבלת־פּנים: אַ פּאָר צענדליק לאַגער־ניקעס נעמען אויף די געקומענע מיט שאַרפע בליקן און האַרטע רייד, אונטער דעם שווייגנדיקן בייזיין פון די דייטשע לאַגער־אָנפירערס. אין דעם פריערדיקן אָרט איז מען געווען אַלע כמעט פון זעלבן לאַנד, פון ליטע, מיט אַ קליינעם צומיש פון פוילישע יידן. און געווען עטלעכע ליטווינער און דייטשן, פאַרברעכערס, וועמען מען האָט געבראַכט פון טורמעס, אַז זיי זאָלן העלפן די וועכטערס אין „האַלטן אָרדנונג“. אין

דעם נייעם אָרט זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע. אָבער אַהער האָט מען אויך געבראַכט אַ גרופּע יידן פון אוישוויץ. זיי האָבן אַ לאַנגען לאַגער־סטאַזש. דאַרפן זיי דאָ זיין אַ ביישפּיל, ווי זיך צו פירן אין אַ „קאַצעט״ און מחנך זיין די נייע. און אָט גיבן זיי די ערשטע לעקציע, גלייך ביים אַריינקום: ווי מען דאַרף אָנלויפן און זיך אויפשטעלן ביים אַפּעל, לויט „פאָדערמאַן״ און „הינטערמאַן״, אַז די רייען זאָלן זיין גראָד ווי אַ ווירע; ווי צו דערקענען די בעהערדע, לויט זייערע ראַנגען, און ווי צו ציען פאַר זיי די „מיצן״, אַז די היטלען זאָלן צופאַלן צו די הויזן מיט אַ קלאַפּ. עס איז אַ גרויסער שולחן־ערוך און יעדע מצווה איז באַגלייט מיט „זכור״, געדענקט, איר אַזעלכע און אַזעלכע, אַז איר זייט דאָ ניט געקומען אין קיין סאַנאַטאָריע... און קיין זאַך וועט אייך ניט זיין פאַרגעבן, „עס גיבט קיין פאַרדאָן״. (אין דעם לאַגער־וואַקאַבולאַר פון די אוישוויצער זיינען אַריין אַ צאָל פראַנצויזישע ווערטער, אויפגע־כאַפּטע פון די פראַנצויזישע אַרעסטירטע דאָרטן. די אוישוויצער ניצן אָט די ווערטער מיט קאָנטיקער גאווה, אַפילו וווּ די ווערטער פּאַסן ניט אַריין צום געזאָגטן).

דורכגעקומען אָט דעם „מעמד״, טיילט מען איין די באַראַקן און די נאַרעס, באַגלייט מיט געשרייען און שטורכעס, כדי די נייע זאָלן פילן אַז זיי זיינען אין אַ „קאַצעט״. אויך דאָס איז אַ ניי וואָרט פאַר די געקומענע. אין פריערדיקן אָרט האָט מען געוווּסט, אַז מען איז אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָבער ווי באַלד מען איז געווען צווישן היימישע, האָט מען עס גערופן היימישער: לאַגער. די אוישוויצער רופן עס מיט חשיבות, כמו דער באַנוץ פון אַ ראשי תיבות צווישן לומדים. „קאַצעט״ קלינגט שאַרפער און — ווייטיקדיקער.

אַזוי נאָר ווי זיך „איינגעאָרדנט״, הייבט מען אָן מאַכן באַקאַנט־שאַפטן מיט געקומענע פון פריער, און עס איז דאָ מיט וועמען: אַ גאַנצער קיבוץ גלויות. יידן פון אונגאַרן און פון טשעכיע, פון פוילן און פון סלאָוואַקיי, פון סאַלאָניקי און פון ציפערן. יידן פון אַזוי פיל מקו־מות, אַ טייל פרעמדלעכע פאַר די פון מזרח־אייראָפּע, אָבער אַלע אין אייגענעם גורל. מען הערט אַ געמיש פון לשונות און יידיש אין פאַרשיי־דענע דיאַלעקטן. מיין חבר, דער פילאָלאָג פון ליטע, איז אויך דאָ. ער האָט שוין געוויס אַרויסגענומען זיין באַהאַלטענעם שטיקל בלייער און פאַרשרייבט, אויף פּאַפּיר פון צעמענט־זעק, אויסדרוקן, ווערטלעך, וואָס ער וועט זיי אַריינגעמען אין זיין ספר „דאָס פאָלקס־מויל אין נאַצי־

קלעם". עס איז דאָ אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט פאַר אויפזאַמלען פאָלק־לאָר, ריידנס־אַרטן, פאַר שפּראַך־פאָרשונג. זאָל מען געדענקען ווי דאָס פאָלק האָט גערעדט, ווען דאָס פאָלק וועט שוין ניט זיין.

די גרופּע אוישוויצער — אַזוי נאָר ווי געענדיקט מיט דער מושטי־רונג און דערווייטערט פון די וועכטערס אויגן — ווערן אויך צוגעלאָזן און באַריידעוודיק. זיי ווילן וויסן פון וועלכע היימערט'ער מען קומט, ווי לאַנג מען איז שוין אין „קאַצעט" און צי מען ווייס עפּעס נייעס. און דערביי באַרימען זיי זיך פאַר די נייע מיט זייער לאַנגן קאַצעט־יחוס. זיי שטרעקן אויס די אָרעמס מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל: נאַ, זע מיין נומער, געקומען מיט די ערשטע טויזנט אין אוישוויץ!

די אוישוויצער האַלטן זיך צוזאַמען. זיי האָבן פאַרנומען די לעצטע באַראַקן. אויב עפּעס אַן אומגעווינלעכע צרה — זיינען זיי ווייטער פון טויער, און עס וועט אפשר נאָך זיין צייט זיך צו העלפן. דאָס רוב פון זייעריקע אַרבעטן אויך אין איין קאָמאַנדע, און טאַקע ביי לייכטערע אַרבעט. מען שמועסט אַפילו בסוד, אַז אַ טייל פון זיי האָבן אויס־באַהאַלטן דאָלאַרן, גאָלד, און זיי קריגן פאַר דעם עסן ביי די וועכטערס.

אָבער אויך צווישן די אוישוויצער זיינען ניט אַלע גלייך. פּיאַק איז אַן אויסנאַם. ער איז אָנפירער פון זייער קאָמאַנדע, און אַפילו דאָרטן ציטערן אַלע פאַר זיין פּאַרע. פּיאַק איז דווקא אַ שטילער. ער האָט אַ רויקן בליק, גייט מיט געמאָסטענע טריט, רעדט מיט דער געלאַסנקייט פון אַן אַלטן תפיסהניק — און אַלע האָבן פאַר אים אָפּשיי. וועגן אים גייען אַרום מעשיות אין לאַגער. ער זאָל זיך קענען מיטן סאַמע הויפּט פון לאַגער, נאָך פון אוישוויץ, און דאָ, הייסט עס, האַלטן זיי זיך ווי לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך געטראָפן אין דער פרעמד. דער אָבער־שטורם־פירער זאָל זיך טאַקע קוואַפּענען אויף פּיאַקס דאָלאַרן, און פּיאַק לייקנט ניט, אַז ער האָט אַ סך, נאָר ער גיט אים צו ביסלעך, אין טראַנזאַקציעס פאַר קליידער און עסן. ווייזט אויס, אַז ביידע האָבן זיך אָפּגעמאָסטן נאָך אין אוישוויץ...

דער היפּוך פון פּיאַקן איז אַן אַנדער אוישוויצער, וואָס פּאַסט זיך גאָר ניט אַריין אין יחוסדיקן קרייז. ער האַלט זיך טאַקע מיט זיי — אָבער אַ ביסעלע פון וויטן, אָדער זיי האָבן אים דערווייטערט. ער איז אויך עלטער ווי די גאַנצע חבורה, וואָס באַשטייט פון לויטער יונגע. ער האָט אַ פאַרדאַגהט פּנים, אַ געבויגענע פּלייצע און שלעפּט די פיס מיט שווערקייט, ווי אַלע לאַגערניקעס. האָט טאַקע דאָס אַרויסגערופן

אויפמערק צו אים. ווען איך זע אים אין לאַגער, קומט אויף אַ חשד, אַז דאָס האָט ער זיך אַריינגעשמוגלט צווישן דער קאָמפּאַניע, וואָס מען האָט אַהער געשיקט פון אוישוויץ, זיך פאַרשטעלט, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן אַקטיאָרישע מאַסקע, אַז ער איז אויך אַ יונג צווישן יונגען. ניט ווייניק יידן שפּילן אין לאַגער דעם גבור, ווען עס קומט צו אַ סעלעקציע, ווען די שוואַכע און עלטערע ווערן אָפּגעקליבן צום טויט. אָבער דער דאָ — איז שוין אַן אמתער אַקטיאָר, צו קענען אָפּנאַרן אוישוויץ.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז אַן אויפלויף ערגעץ אין אַ ווינקל פון לאַגער. אַ קאַפּאָ איז אָנגעפאַלן אויף איינעם, און גלייך מיט די פויסטן אין פּנים. ניט קיין נייס. אָבער דער דאָ, ווען מען דער קאַפּאָ שלאָגט, איז אַן אוישוויצער — אַזוינס איז נאָך ניט געזען און ניט געהערט געוואָרן. קומט מען נענטער, זעט מען: יאָ, עס איז טאַקע דער, וואָס „שפּילט" דעם אוישוויצער — וואָרעם צו אַן אַנדערן פון זיי וואָלט זיך דער קאַפּאָ ניט געוואַגט. אָבער אָט גיט זיך אַ צערוק דער געזעמל, אַן אַ וואָרט, פון זיך אַליין, ווייל אין מיטן שפּרייזט אַן פּיאַק — און שוין איז פּיאַקס האַנט פאַרלייגט אויף דעד פּלייצע פון צעפּאַכעטן שלעגער. פּיאַק רעדט געלאַסן, אָבער יעדעס וואָרט קייקלט זיך אַראָפּ פון זיינע ליפּן ווי אַ שטיין פון אַ באַרג. „ווען מען שלאָגסטו עס, ווען מען: דו ווייסט ווער ער איז: ער איז דאָך פון די קלענסטע נומערן אין אוישוויץ. מיר האָבן אַלעמען איבערגעלעבט, האָבן מיר. אויב דו ווילסט אויך איבערלעבן, זאָלסטו ניט הייבן די הענט קעגן אַן אוישוויצער"...

אָך און ווי, אַז מען דאַרף זיך דאָ אָננעמען פאַר אַן אוישוויצער, און מען דאַרף דערקלערן זיין מעטריקע, ווייל מען זעט עס ניט אין זיין פּנים, אין זיין האַלטונג. ניט אַנדערש נאָר ווי אָט דער האָט זיך אַריינגעשמוגלט אין דער קאָמפּאַניע. ער איז אַ פאַרשטעלטער, אַן אַקטיאָר, אָבער ער שפּילט די ראָלע, וועלכע ער האָט גענומען אויף זיך, ניט גענוג רעאַליסטיש...

*

עס זיינען אַוועק חדשים. געקומען פרילינג. טויזנטער זיינען שוין געוועזן אויסגעפאַלן. די לעבעדיקע האָבן זיך שוין קוים געשלעפּט אויף די פיס, געשוואָלענע פון הונגער. אַ גרויסער טייל זיינען געוועזן קראַנק אויף טיפוס, האָס מען דעם לאַגער געשלאָסן. נאָר די באַפרייונג נענטערט זיך. מען הערט עס, און מען זעט עס אויך, אין אָנגריש פון די אַמערי-

קאַנער עראָפּלאַנען אַלע נאַכט. אין איינער אַזאַ נאַכט האָט פּיאַק דורכ־געשניטן דעם דראָט און איז אַוועק. אויף מאָרגן האָט מען געשלעפּט די לאַגערניקעס אין לאַנגען מאַרש קיין טיראָל. די באַפרייונג איז אַנטקעגן־געקומען די גייערס אין וועג. די שפּיטאָלן אַרום מינכען זיינען געוואָרן פול מיט יידן. עס שאַפן זיך דערביי יידישע לאַגערן. און אַזוי נאָר ווי די קראַנקע הייבן אָן קומען צו זיך — קומען אויף לאַגער־קאָמיטעטן, אַ געאָרדנט יידיש לעבן — אין לאַגערן, פון נעכטיקע קאַ־צעטניקעס. אָט איז שוין באַלד גלייך דאָ אַן אייגענע יידישע צייטונג. עס אָרגאַניזירן זיך פּאַרטייען, חברות, לערן־קורסן. מאָדנע, אָט די מענטשן האָבן ניט פאַרלוירן דעם ווילן זיך איינצובויען אויף ס׳ניי, און אין זיי איז פאַראַן אַ הונגער — צו קולטור גאָר.

אין איינער פון יענע ערשטע וואָכן נאָך דער באַפרייונג קומט אָן אַ פאַרבעטונג, צו אַ פּ ר ע מ י ע ר ע, פון אַ טעאַטער־קאָלעקטיוו. עס קומט פון פעלדאַפינג, אַ לאַגער ניט ווייט פון מינכען.

לאַגער און טעאַטער און פאַרבעטונג און פּרעמיערע. לאָמיר פאָרן אָנקוקן נאָך אַ וווּנדער, אין דעם גאַנצן קנויל פון ווונד און וווּנדער, וואָס עס שפּילט זיך דאָ אָפּ.

דער פאָרהאַנג אין טעאַטער עפנט זיך און — קוק זיך נאָר גוט צו. יאָ, עס איז טאַקע ער, אָט דער וועלכער עס האָט „געשפּילט" אין לאַגער דעם אוישוויצער — און ער איז דאָך טאַקע אַן אַקטיאָר אויף אַן אמת... ווייל דאָ שפּילט ער עכט, מיט געפיל, מיט טאַלאַנט; דאָ וויל ער זיין, וואָס ער איז, אַ יידישער אַקטיאָר און אַ ייד פון „עמד", ווי עס הייסט דער טעאַטער־קאָלעקטיוו, וועלכן ער האָט געהאָלפן שאַפן.

*

אַ סך יאָרן שפּעטער האָט ה. פערלמוטער זיך אויך באַוויזן ווי אַ שרייבער, מיט זיין זכרונות־בוך „מיין סטערצעוו". איצט ברענגט ער דעם לייענער אַ בוך וועגן אוישוויץ. דער „אֶבֶן מָאֲסוּ", אָט דער וועלכער האָט זיך ניט אָנגעזען ווי „אַן אוישוויצער" אין דאַכאַו, ווערט דערציילער וועגן אוישוויץ, און איך בין געבעטן געוואָרן שרייבן אַ הקדמה. איך ווייס ניט ווער עס דאַרף אַ הקדמה צו אַ בוך וועגן אוישוויץ — אַ פאָרהויז צום גיהנום? אָבער אַז אַ דאַכאַו־חבר בעט, האָב איך געטאָן לויט זיין ווילן און לויט זיין ווערט.

ל ו י ש אַ ל י ט

יאָהאַנעסבורג, דעם 5טן נאָוועמבער 1971.

## פונעם מחבר

מיט אַ הייליקן ציטער אין האַרצן איז פאַרבונדן דאָס צורירן זיך צו באַשרייבן עפּיזאָדן און געשעענישן פון דער טויטפאַבריק אוישוויץ-בירקענאַו.

פאַר אַזאַ איינעם, וואָס איז מיט די דאָרטיקע גרוילן גע־וואָרן אָנגעזאַפּט ווי אַ שוואָם, און „יענע איבערלעבונגען אָדער איבערשטאַרבונגען שפּרינגען אין אים ווי ברענענדיקע נאָדלען" (אַברהם סוצקעווערס אויסדריק), איז במילא אויך שווער צו וויסן, פון וואָס פריִער אָנהייבן אויף צו קאָנען אַרויסברענגען בכתב כאָטש אַ טייל פון יענעם עמק־הבכא.

מערערע מאָל ביים נעמען די פעדער אין האַנט אַריין, איז מיר געקומען אויפן רעיון „למה זה אנוכי"? צו וואָס איז כדאי ווידער אַדורכצולעבן אינעם זכרון יענע שבעה מדורי גיהנום? צו וואָס זיך ווידער מאַכן פאַרגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן, האָבנדיק אויף ס'ניי פאַר די אויגן די שווידערן פון יענע פינצטערע מקומות?

איך האָב פון דעסטוועגן באַשלאָסן דאָס בוך צו שרייבן און פאַרעפנטלעכן. ראשית, מחמת אַ ניצול־געוואָרענער מכל המינים נאַצישע מאָרדערטער, האָב איך די גאַנצע צייט זיך געפילט אַ בעל־חוב איבערצוגעבן בכתב ווי אַן עד ראיה פּרטים פון דעם געזעענעם און דורכגעלעבטן, נאַקעטע פאַקטן, אָבער כמו שהם, אָן באַפּוצונג און צוטראַכטעניש, און באַמיִען זיך ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן די גאָר טראַ־גישע מאָמענטן, צו מאָל שוין באַקאַנטע פאַרן גרעסטן טייל מענטשן.

אחוץ דעם האָבן אַ צאָל פּני פון דער יידישער ליטע־ראַטור־וועלט, נאָכן דערשיינען פון „מיין סטערצעוו", כמעט כולם בפּה אחת ביי מיר געמאָנט, ווי ביי אַן אוישוויצער „קעסטקינד", צו באַשרייבן די בלוטיקע תקופה אין אוישוויץ. האָב איך דאָס געפּרוּווט טאָן לפי כוחי און לויט מיין אופן.

אויף די געוועזענע יידישע דעפּאָרטירטע ליגט דער חוב קיין מאָל נישט מיד צו ווערן צו דערציילן און דערמאָנען די זכרונות פונעם גיא צלמוות, וואָס גייען נאָך יומם ולילה ווי אַ באַגלייט, און וועלן זיכער באַגלייטן ביזן טיפן גרויען על־טער אַריין, ביזן סאַמע סוף פון לעבן.

פונקט ווי ביי יציאת מצרים, דאַרף אויך דאָ גילטיק זיין דער מאמר „כל המרבה לספר הרי זה משובח". אדרבא. וואָס מער אַנטפּלעקן, וואָס מער אַרויסברענגען די לית דין ולית דיינקייט פון יענע גרוילִיקע יאָרן און טעג, זיי נישט לאָזן פאַרגעסן עד סוף כל הדורות.

## עקזאָדוס

שוין אין די ערשטע מלחמה־טעג, ווי נאָר די דייטשע האָרדעס זענען באַטראָטן די פּוילישע ערד, האָבן זיי, ווי באַוווּסט, גלייך געבראַכט אַ צעמישונג אין דער פּוילישער אַרמיי. זייער בהלהדיק צוריקלויפן פון די גרענעץ־פּאָזיציעס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּאַניק אויף דער ציווילער באַפעלקערונג, וואָס האָט געזען, ווי אַזוי די נעכטיקע באַשיצער זייערע טרעטן אָפּ מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ברודיק און חושך, ווי בראָדיאַגעס.

אַ טייל פון די זעלנער האָבן איבערגעגעבן וועגן די גרוילטאַטן, וואָס די דייטשן באַגייען אין די דורך זיי פאַר־נומענע ערטער. זיי רויבן, הרגענען און פאַרניכטן אַלץ, וואָס זיי באַגעגענען. די זעלנער האָבן אונדז געעצהט, אַז ס׳איז גלייכער מיר זאָלן וואָס גיכער עוקר־זיין פון דאַנען, און ווי צום ווייטסטן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער מוראדיקער אָפּקלאַנג האָט זיך באַלד צעשפּרייט אין שטאָט און גענומען טרייבן אין גרוים איילעניש דעם ציווילן עולם, וואָס האָט דורך פאַר־שידענע פאַרקער־מיטלען געצילט, וואָס גיכער צו קומען קיין וואַרשע, מיטן גלויבן, אַז ס׳וועט דעם אָנגרייפער אפשר אַזוי גיך נישט געראָטן אַהין צו דערגרייכן.

די נאַצי־האָרדעס זענען אונדז אָבער פאַרשפּרונגען דעם וועג, און קוים אַ פופציק קילאָמעטער פון סאָסנאָוויצע, נישט ווייט פונעם שטעטל וואָלבראָם, האָבן זיי אונדז גע־פאַנגען און מיט האַק און פּאַק אַלעמען צוריק געטריבן אינעם

דאָרטיקן מאַרקפּלאַץ, וואָס איז שוין געווען אַרומגערינגלט און באַוואַכט מיט מיליטער און נאַצי־פּאָליציי. אַוונטצייט האָבן זיי אַלע מענער פון דאָרט גענומען טרייבן אַרויס פונעם שטעטל איבער אויסטערלישע וועגן און שטעגן, דורך פעל־דער און וועלדער, בערג און טאָלן, אין אַזוינע הרי־חושכים, וואָס אפילו געבוירענע איינוווינער פון דער געגנט דאָרט האָבן נישט געוווּסט צו זאָגן ווו מיר געפינען זיך. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין דעם פאַבריקשטעטל זאַוויערטשע. דאָרט זענען מיר געוואָרן אַריינגעפירט אין אַ ריזיק פאַר־צוימטן אָפענעם פּלאַץ, ווו מיר זענען פאַרבליבן אַ צען מעת־לעתן.

די טעג זענען געווען נאָך זייער הייסע, אָבער די נעכט זענען שוין געווען האַרבסטיק קאַלטע. ביים פאַרלאָזן די היים איז נישט איינגעפאַלן מיטצונעמען מיט זיך וואַרעמע מלבושים, און אויך עסנוואַרג, וואָס זאָל סטייען אויף אַ לענ־גערער צייט, איז מען בכן ביי נאַכט פאַרפרוירן געוואָרן פון קעלט, און ביי טאָג פאַרברענט געוואָרן פון היץ, און דערצו נאָך געוואָרן פאַרחלשט פון הונגער און דורשט.

ס׳האָבן זיך דערפון דערוווּסט די באַלעבאַטים פון שטעטל און זיי זענען געקומען אונדז העלפן מיט וואָס זיי האָבן געקאָנט, כדי צו דערהאַלטן דאָס חיות פון אַ קרוב, אַ פריינד, אָדער סתם אַ ייד.

אַ מענטשאָווע צוקערל וואָס איך האָב דעמאָלט פון עמעצן באַקומען, האָט שפּעטער מיר מיט נאָך צוויי יידן געראַטע־וועט דאָס לעבן, ממש מחיה־נפשות געווען.

דאָס איז געווען אין אַ טאָג ווען מיר האָבן צום ערשטן מאָל געזען און אויך דערפילט דעם טעם פון נאַצישן אכזריות.

ווי דערמאָנט, איז אונדזער „ווינאָרט" דעמאָלט געווען אויף אַ פּאַרצוימטן ריזיקן פּלאַץ, מיט טיפע און לאַנגע אָפע־נע גריבער, וואָס האָבן געזאָלט דינען ווי שוצגראָבנס פאַר דער באַפעלקערונג בעת אַ באָמבאַרדירונג. איין מאָל אין מיטן הייסן טאָג, האָט די דייטשישע הפקר־יונגען זיך פאַר־גלוסט צו איזדיעקעווען זיך איבער אונדז. אונטער קלעפּ פון שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס האָבן זיי גענומען יאָגן איבערן פּלאַץ מיט די אָפענע גריבער, אַהין און צוריק, איבער אַ שעה צייט, דעם המון פון עטלעכע טויזנט יידן. די אַלע, וואָס זענען ביים לויפן אַריינגעפאַלן אין די גריבער און האָבן נישט באַוויזן אויף דער גיך פון דאָרט זיך אַרויסצובאַקומען, האָבן זיי געדראָט צו דערשיסן. איז זיך לייכט פאָרצושטעלן דאָס בילד דאָרט אין יענער שעה. די ווילדע קולות פון די כוליגאַ־נעס האָבן פאַרטויבט און צעטומלט. אַזוי אויך דער יאָמער־געוויין פון די געיאָגטע יידן, וואָס האָבן לויפנדיק געטראָטן איינער אויפן אַנדערן. ביי דער ברענענדיקער זון האָט דער שטויב געשאַפן אַ מין וואָלקן רויך. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויסגעזען ווי אַ שדים־טאַנץ אין אַ וועלט־אונטערגאַנג. פונעם שטויב איז דער האַלדז פאַרשטאָפּט געוואָרן ביז דערשטי־קונג. אַ סך האָבן דערפון פאַרלוירן דעם אָטעם און געחלשט. אַפילו נאָכן דערהערן פון די סאַדיסטן דעם געשריי „הינ־לייגן", האָט מען אַלץ איינס געפילט ווי די נשמה גייט ביי אונדז אויס. פון אַ ביסל וואַסער איז דאָך קיין רייד נישט געווען, מתוך מורא זיך צו רירן פונעם אָרט. אין אָט יענער מינוט טאַקע האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם צוקערל, וואָס איך האָב פריִער באַקומען און על פי נס דאָס באַהאַלטן, גלייך ווי כ'וואָלט פאַרויסגעפילט, אַז כ'וועל זיך דערין אַזוי שטאַרק נייטיקן. איך האָב צעבראָכן דאָס צוקערל אויף דרייען, גע־

נומען איין שטיקל אין מויל אריין און די אנדערע צוויי שטיק־לעך געוואָלט באַהאַלטן על כל צרה שלא תבוא, מחמת ווער קאָן דען וויסן אויב די דייטשע מנוולים האָבן נישט בדעה ווידער מיט אונדז צו וועלן פּראַווען אַזאַ „ספּאָרט”, און אפשר נאָך אַ בעסערן, ווער ווייסט? זעענדיק אָבער ווי נעבן מיר ליגן יידן און פּאָכען ממש מיט דער נשמה, האָב איך נישט געוואָלט טראַכטן וועגן מאָרגן, און דערלאַנגט זיי די צוויי שטיקלעך צוקערל, און מיר זענען ביסלעכווייז געקומען צו זיך. וואָס ס'איז שפּעטער געשען מיט די צוויי יידן — ווייס איך נישט. איך האָב זיי מער נישט באַגעגנט. איינס ווייס איך יאָ: אויב איך בין דעמאָלט געבליבן לעבן, האָב איך דאָס קודם כל צו פאַרדאַנקען דעם אומבאַקאַנטן יידישן מנדב, פון וועמען דאָס צוקערל האָט געשטאַמט.

אויף צו מאָרגנס נאָך דער „ספּאָרט־לעקציע” ווערן מיר אַרויסגעפירט אויסערן שטאָט צו צוואַנציק אין אַ גרופּע. פונעם פּחד, וואָס אַזוינס די היטלעריסטן גרייטן זיך ווידער מיט אונדז צו טאָן, האָט זיך שיר נישט דאָס האַרץ אָפּגע־ריסן. „אַלעם לאָס אַהיימגיין צו זיך” — קומט פּלוצעם אַ באַפעל.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. מיט וועלכע כוחות — ווייס איך נאָך עד היום נישט. נאָך אַכט אַ זייגער אָוונט איז פאַר דער ציווילער באַ־פעלקערונג געווען פאַרבאָטן זיך צו באַווייזן אויפן גאַס. קריגסצושטאַנד. האָט בכן יעדער געאיילט וואָס פריִער צו זיין ביי זיך אין שטוב. קיין שום פאַרקער־מיטלען זענען נישט געווען בנמצא. די פּויערים האָבן פאַר קיין פּרייז נישט גע־וואָלט איינשטעלן דאָס פערד־און־וועגעלע. איז אונדז נאָר

געבליבן דער איינציקער אויסוועג: צו שפּאַנען בחפּזונדיק צו פוס.

ס׳איז שוין אָנגעקומען דער בין־השמשות. אַט זענען מיר שוין אין שטאָט. מען זעט שוין פון דער ווייטנס אַפילו די הייזער. נאָר פּלוצעם צעקלינגט זיך דער שטאָטזייגער אַכט מאָל. וואָס טוט מען איצטער? גיין ווייטער — שפּילט מען מיטן לעבן; בלייבן סתם אַזוי אויפן גאַס — איז אויך די זעלביקע סכנה. באַלד דערזעט מען נישט ווייט פון אונדז, פון דער געביידע פון דער געוועזענער קראַנקן־קאַסע, אַרויס־מאַרשירן אַ ראָטע מיליטערלייט אין שוואַרצע מונדירן. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה און יעדער פון אונדז האָט גע־זוכט זיך צו באַהאַלטן אין אַ ווינקעלע, כדי פון זיי נישט באַמערקט צו ווערן.

איך האָב זיך אַריינגערוקט אין אַ טויער, וואָס האָט פון אַ שטופּ זיך געעפנט. איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: צי זאָל איך זיך איינשטעלן און אַהיימגיין צו מיין פאַמיליע, אָדער זאָל איך בלייבן אינעם טויער ביזן פרי־מאָרגן. על כל פּנים איז דאָך דאָ נישט ערגער ווי דער אָפּע־נער פּלאַץ דאָרט אין זאַוויערטשע, טראַכט איך זיך; עלעהיי די דייטשן האַלטן מיך דאָרט נאָך אַ טאָג.

פּלוצעם דערזע איך ווי ס׳עפנט זיך די טיר פון אַ וווי־נונג, און ס׳גייט פון דאָרט אַרויס אַ מאַן אין די דרייסיקער יאָרן, מיט אַ מילדן, און איך וואָלט געזאָגט, סעמיטישן אויס־זען. כ׳האָב שוין אַפילו גרייט געהאַט אויף מיינע ליפּן די פראַגע „עמך״?

דער מענטש, ווי ער האָט מיך דערזען און באַטראַכט מיין הילוך (מיט מיין באַוואַקסענער באָרד און די שמוציקע מלבושים האָב איך מסתמא געמאַכט דעם איינדרוק פון

א שלעפער, אדער א נאר וואס אנטלאפענער פון תפיסה), דערלאנגט ער מיך א פרעג וואס איך טו דא און וועמען איך זוך דא ביי אים אין הויז.

איך האב נישט געוווּסט, וואס כ׳זאל אים דערויף ענט־פערן. איך האב נישט געקאנט קיין ווארט פונעם מויל ארויס־ברענגען און גענומען שטאמלען, ביז כ׳האב אים פארט דער־ציילט מיינע איבערלעבענישן פון די לעצטע צען טעג. איך האב אים צום סוף געזאגט, אז איך חלש פשוט שוין צו זיין אין שטוב ביי מיינע נאענטע, אבער איך האב מורא צו רי־זיקירן מיטן לעבן און אהיימצוגיין אין דער פארבאטענער צייט.

דער מאן האט מיך באַרויִקט און מיך אריינגעבעטן צו זיך אין שטוב אריין.

געוווינט האט ער צוזאמען מיט זיינע עלטערן, פאבריק־ארבעטער. און ווי מיר צעשמועסן זיך אזוי, ווייזט זיך גאר ארויס, אז דער מענטש קען זייער גוט מיין עלטערן ברודער לייב, ביי וועמען ער פלעגט זיין אן אפטער איינגייער, מחמת זיין כלה האט געארבעט ביי מיין ברודער א לענגערע צייט. אז ער האט ארויסגעזאגט דעם נאמען באיער, האב איך זיך דערמאנט, אז אט דעם נאמען פלעג איך טאקע אפט הערן דערמאנען אין מיין ברודערס הויז. כ׳האב זיך אזויערנאך דערפילט א ביסל היימישער, גענאסן פון זייער גאסטפריינד־לעכקייט און כ׳בין געבליבן נעכטיקן יענע נאכט ביי זיי אין שטוב.

טראץ מיין שטארקער פארמאטערטקייט און וואס כ׳בין שוין א צענדליק נעכט נישט געשלאפן אין א בעט, האב איך אבער יענע נאכט בקיין פאל נישט געקאנט שלאפן. כסדר האב איך געהאט פאר מיינע אויגן דאס איבערגעלעבטע פון

די צען טעג, װען כ׳בין געװען געפאַנגען בײַ די היטלעריסטן אין דעם אָפּענעם פאַבריקפּלאַץ אין זאַװיערטשע, און גאָר באַזונדער דעם „ספּאָרט״, מיט װעלכן זײ האָבן אונדז דאָרט „מכבד־געװען״. כ׳האָב נאָך אַלץ געהערט די איבערמענטש־לעכע געשרײען און יללות, װאָס האָבן נישט אױפגעהערט קלינגען אין מײנע אױערן און נישט געלאָזט רוען. קױם האָב איך אַ װײַלע אײַנגעדרעמלט, פּלעגט מיך באַלד אױפװעקן אַ שרעקלעכער קאָשמאַר. איך האָב זיך שױן נישט געקאָנט דערװאַרטן ס׳זאָל שױן װערן טאָג. ס׳האָט מיך אױך גענומען באַומרויִקן דער גורל פון מײַן משפּחה. האָב איך דאָך נאָר װאָס געהערט בײַ די באַיערם װאָס אַזױנס די היטלעריסטן האָבן שױן באַװיזן צו טאָן אין שטאָט, אַז זײ האָבן דאָרט געקוילעט אָן אַ פאַרװאָס און פאַרװען. טאָ װער װײסט, אויב ס׳איז נישט, חלילה, עפּעס געשען אױך מיט װעמען פון מײנע נאָענטע?

די געװײנען פון פרייד אין יענעם פרימאָרגן בעת איך האָב זיך צוריק באַװיזן אין שטוב, זענען בכן געװען אין לשער. װאָס איז דער װוּנדער? האָט דאָך מײַן פרױ ע״ה מיטן קינד אױף אירע הענט געזען, װי די מלאכי־חבלה האָבן אונדז אין יענעם אָװנט געטריבן פון װאָלבראָמער מאַרק־פּלאַץ, נישט װיסנדיק װוּהין. און אױף װאָס די היטלער־באַנדע איז מסוגל צו טאָן מיט מענטשן, האָבן זײ דאָך שױן געזען אין שטאָט גופא. האָט מען מיך אין שטוב טאַקע באַ־טראַכט, װי אײנעם, װאָס איז אױפגעשטאַנען תחית־המתים.

אַ דערשלאָגענער פון דעם דורכגעמאַכטן אין יענע טעג, האָב איך תחילת נישט געװאָלט זיך באַװײַזן אין גאַס. כ׳בין געװען באַהערשט פון אַן אימהדיק געפיל, װי להבדיל אַ הונט, װאָס האָט באַװיזן צו אַנטרינען און זיך באַפרײַען

פונעם היצעל. אין די שיינע טעג בין איך געבליבן אין שטוב, אָפּגעשלאָסן פון דער דרויסנדיקער וועלט.

דער טאָג פון מיין צוריקקומען אין שטוב איז געווען ראש־השנה. איך האָב, וואָס אַן אמת, נישט געדענקט דערין. אין יענע שרעקלעכע טעג האָב איך פשוט פאַרגעסן דעם חשבון פונעם לוח. כ׳האָב זיך אָבער אין דעם פאַרכטיקן טאָג דערמאָנט, ווען כ׳האָב געטראָפן ביי אונדז אין שטוב פאַרזאמלט די שכנים פונעם הויז, איינגעהילטע אין טליתים. אַגב, איז מיר אַ טייל פון זיי שווער געווען צו דערקענען, וואָרעם כדי נישט צו שטעכן די אויגן ביי די דייטשן, האָבן זיי זיך געלאָזן אָפּשערן די בערד. היות מען האָט זיך גע־שראָקן עפנטלעך צו פאַרזאמלען, האָבן יידן דעמאָלט גע־פּראָוועט דאָס דאַווענען אויף אַזאַ אופן. דאָס האָט דערמאָנט אין די אנוסים בעת דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. די גרעס־טע סכנה דערביי איז געווען דאָס שופר בלאָזן — ס׳זאָל נישט דערהערט ווערן פון די היטלעריסטן. זיי קאָנען דאָס באַטראַכטן פאַר עפּעס אַ „שפּיאָנאַזש״־צייכן. וואָס זיי קאָנען אַלץ אויסטראַכטן? האָבן דעריבער אַ טייל פון די מתפּללים געהאַלטן, אַז מען דאַרף נישט ריזיקירן דערמיט. השי״ת וועט מוחל זיין און דערהערן אונדזערע תפילות אָן דעם קול־שופר אויך, האָבן זיי געטענהט. אַנדערע ווידער האָבן נישט מסכים געווען דערויף: יידן, האָבן זיי געזאָגט, פלעגן איבערלעבן ערגערע צייטן, און האָבן נישט אויפגעגעבן דעם יידישן דין ודת. איז וואָס זשע טוט מען פאָרט? האָבן דעריבער אַלע אויפגענומען מיט פרייד די המצאה פונעם ראַדאָשיצער רבינס זון: דעם שופר זאָגט ער, זאָל מען אַריינשטעקן אינעם אַרבל פון אַ ווינטער־מאַנטל און דער עולם זאָל זיך צונויפרוקן, כדי צו הערן און יוצא זיין מיטן קול־שופר.

בדרך־כלל איז דאָס דאַווענען דעמאָלט צוגעגאַנגען בשתיקה און איז אַדורך בשלום. נאָר ווען ס'איז געקומען צום „ונתנה תוקף", ביי וואָס יידן פלעגן עפענען זייערע הערצער מיט קולות און געוויינען, ס'זאָל דערגרייכן צו די היכלות און מען זאָל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר — האָט פשוט פאַר־קלעמט ביים האַרץ, ווייל דער עולם האָט געמוזט דערדריקן אין זיך דאָס געוויין.

וועגן אָט דעם דעמאָלטדיקן דאַווענען האָט מיין אומ־פאַרגעסלעכער פאָטער געזאָגט, אַז ס'האָט זיכער דערגרייכט צום כסא־הכבוד און וועט ברענגען אַ גמר חתימה טובה פאַרן כלל ישראל.

געשען איז ליידער אַנדערש. באַלד צו מאָרגנס האָבן זיך אָנגעהויבן שיקאַנעס און אונטערדריקונגען לגבי יידן. אַלע ווילע איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ פרישע גזירה, און איינע פלעגט מיט איר גרויל איבערשטייגן די צווייטע...

# מלכות מאַניעק מערין

באַלד נאָך דעם, ווי די היטלער־מאַכט האָט זיך באַזעצט אין אונדזער שטאָט, האָט זי גענומען שאַפן אַ „יידישע קולטוס־געמיינדע". אין איר שפּיץ האָט זיך געשטעלט דער טרויעריק באַרימטער מאָניעק מערין. ווי מען האָט דערציילט, זאָל ער אַליין זיך האָבן פאַרגעלייגט אויפן דאָזיקן פּאָסטן.

געשען איז דאָס אין די טעג, ווען די מענער פון שטאָט, דער עיקר יידן, זענען געוואָרן פאַרשפּאַרט דורך די דייטשן אין שיינס פאַבריק. אין איינעם אַ טאָג האָבן די היטלעריסטן דאָרט אויסגערופן בקול רם: „ווער איז דאָ פון אייך דער פאָרשטייער פון דער ‚קולטוס־געמיינדע'"?

קיינער האָט דערויף נישט געענטפערט — אחוץ מאָניעק מערין, וועלכער האָט זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט ווי אַזעלכער. פאַר וואָס עפּעס גראָד ער און נישט קיין אַנדערער? מסתמא דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַ שטיקל שייכות צו דער יידישער קהילה דערמיט, וואָס ער פלעגט דאָרט זיין אַ יוצא־ונכנס. האָט ער זיך בכן געפילט באַרופן צו ווערן איר פאָרשטייער.

געווען איז מאָניעק פון דער נאַטור אַ קליין מענטשעלע, אַן אויסגעדאַרט יינגעלע, כמעט אַ גאָרנישט, קעגן דעם ווי די דייטשן האָבן זיך פאָרגעשטעלט דעם סאָרט מענטשן ביי זיך אין לאַנד. דהיינו — הויכע פאַרשוינען, מיט אַ גראָבן בויך, אַ קאַרק און אַ גוידער. און דאָ שטעלט זיך גאָר פאַר זיי פאַר אַזאַ נעבעכדיק באַשעפעניש'ל. איז דאָך נישט אַנ־

דערש, האָבן זיי זיך געטראַכט, נאָר אַז דער קליינער קריפּל נאַרט זיי אָפּ. און טאַקע דערפאַר האָבן זיי מאַניעקן „מכבד געווען” אויף זייער שטייגער, מיט קלעפּ, באַגלייט מיט קו־לות: „דו דרעקישער יודע! דו ביסט דאָס דער פאַרשטייער פון דער ,קולטוס־געמיינדע׳”?

מאַניעק איז אָבער נישט שטאַרק נתפּעל געוואָרן דערפון. ביים נאָענטסטן רוף האָט ער זיך ווידער פאַר זיי פאַרגע־שטעלט אַלס אַזאַ. די דייטשן האָבן אים ווידער צעממיתט.

באַלד האָט מאַניעק גענומען איינשטעלן זיין „קיניגרייך”. פּראָטעקציע האָט געשפּילט די ערשטע פידל. מיט די פּאָסטנס האָט ער קודם כל באַזעצט זיין משפּחה־קרענצל און סתם „גוטע־ברידער”, מיט וועלכע ער פלעגט זינט כמה יאָרן בראָקן אַ קערטל, וואָס איז תמיד געווען זיין חיות. ער האָט אויך אַנגאַזשירט די „שטאַרקע” פון שטאָט אַלס זיינע אָרדנונג־היטער, און מיט אָט דעם געווימל האָט זיך מאַניעק גענומען רעגירן אויף אַלע כלים, טאַקע ווי להבדיל אַ קייסער אין אַ יידישער מלוכה.

מיט מאַניעקס עולה לגדולה זיין ביי די נאַציס האָבן מיר אַליין איינס קיין צרות נישט אויסגעמיטן, ווי נאַיִווע יידן האָבן דאָס תחילה געגלייבט. פאַרקערט, גזרות האָבן גענומען יאָגן איינע נאָך דער אַנדערער. ראשית, מוזן יידן מהיום והלאה באַצירן זייער לינקן אָרעם מיט אַ ווייסן לאַמפּאַס און בלויען „מגן־דוד”, כדי די נאַציס זאָלן לייכט קאָנען מבחין זיין בין ייד לנישט ייד, וואָס טאָרן נישט האָבן צווישן זיך קיין מגע ומשא (שפּעטער איז דאָס פאַרביטן געוואָרן אויף דער געלער לאַטע). שנית, איז דער מסחר פאַר יידן פאַרווערט, סיידן אונ־טער דער השגחה פון אַ דייטשן טרויהענדער (אַפּוטרופּוס).

אין קעגנפאל דראָט דערפאַר טויטשטראָף. און איידער וואָס ווען, ווערן פיר יידן טאַקע אויפגעהאָנגען. ס׳ווערט אויך פאַר־ווערט פאַר יידן דער דריסת הרגל אויף די הויפּטגאַסן פון שטאָט. דאָ גיי נישט, דאָ שטיי נישט, און דאָ פאָר נישט. אינעם שטאָטישן טראַמוויי איז געווען אַ קליינע אָפּטיילונג, ווו עס איז געווען דערלויבט צו פאָרן פאַר יידן. יידן ווערן געשיקט אויף צוואַנגסאַרבעט אין פאַרשידענע דייטשע ער־טער. צווישן אַנדערע אויך אין דער „שטיקשטאָף־ווערקע״ אין קעניגסהוטע, וואָס האָט פאַבריצירט פאַרשידענע מינים סמען און גאַזן פאַר מלחמה און אַנדערע צוועקן, און ווער ווייסט אויב אויך נישט פאַר די גאַזקאַמערן. ואף על פי כן, טראָץ די אַלע שיקאַנעס לגבי אונדז, איז נישט איינגעפאַלן אַפילו, אַז די צוררים גרייטן די אויסראָטונג פון די אייראָ־פּעיִשע יידן.

לגבי די היטלעריסטן האָט מאָניעק מיט זיין חברותא גע־האַלטן וואָרט, הן מיטן סילוקן זיי אויף אונדזער חשבון אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, ווי למשל גאָלד, מזומן, חפצים, פוטערוואַרג, און וואָס נישט? ער האָט טאַקע דערפאַר ביי זיי אַזוי נושא חן געווען, אַז זיי האָבן אים באַקרוינט מיטן טיטל „אַלעלטסטער ראַט פון די יידן אינעם גאַנצן רייך״. צום לייכטסטן איז מאָניעקן אָנגעקומען דאָס צושטעלן יידישע שקלאַפן פאַרן נאַצי־לאַנד. ער האָט באַפוילן זיין חברה צו מאַכן אַ רשימה, און ביי נאַכט געשיקט זיינע פּאָליציי־לייט אַרויסצונעמען די רעגיסטרירטע פון די בעטן און זיי אַריינ־פּעקלען אינעם „דו־לאַג״ (דורכגאַנגס־לאַגער). פון דאָרט פלעגט די „סחורה״ צעשיקט ווערן אויף דער קאַטאָרגע־האַרעוואַניע.

אויף די כאַפּ־ליסטעס פלעגן זיך אויך געפינען יונגעלייט און מיידלעך פון די רייכערע משפחות. נישט חלילה משם

יושר, נאָר מיטן ציל אויסצופּרעסן ממתקים ביי זייערע משפּ־חות, אויסקויפגעלט, זיי צו באַפרייען פון דער אַרבעט.

ס׳איז טאַקע דערביי אָנגעגאַנגען אַ שאַכער־מאַכער, ווי להבדיל מיט פערד אויף אַ יריד. רחמנות, סענטימענטן האָבן כלל נישט געהאַט קיין אָרט. אָדער — אָדער.

גרויס ביטערניש און האַרצווייטיק האָבן געהאַט די אַלע געפאַנגענע, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצוקויפן. שטאַרק איז ביי זיי געווען די קנאה, און נאָך מער די קרענקונג, אַז אַפילו אין אַזאַ צרות־רבים איז נאָך אַלץ דער רייכערער פּריווילעגירט לגבי דעם נישט רייכן.

הגם איך און אַלע מיינע נאָענטע האָבן נישט געהערט צו דער קאַטעגאָריע, וואָס האָבן געדאַרפט געשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, ווייל דער „טרויהענדער" האָט אונדז דערפון באַשיצט, בין איך פון דעסטוועגן איין מאָל אויך אַריינגעפאַלן אין דער פולאַפקע.

געווען איז עס אין דער פּסח־וואָך פונעם יאָר איין און פערציק. מאַניעק האָט דעמאָלט באַפוילן: אַלע באַשעפטיקטע יידן ביזן עלטער פון פינף און דרייסיק יאָר מוזן זיך צושטעלן אין דער שולע אויף דעמבלינסקאַ גאַס, כדי צו בייטן זייערע אַרבעטסקאַרטן.

איך מיט מיין עלטערן ברודער לייב זענען ביים „טרוי־הענדער" געווען באַשעפטיקט אַלס מאָדעליסטן און צושניי־דער. דער ממונה פאַר „אַרבעט־איינזאַץ", דער ס. ס.־מאַן קוטשינסקי האָט אָבער „געפּסקנט", אַז איינער איז דערויף אויך גענוג. מיין ברודער האָט ער באַפרייט און מיך — פאַר־האַלטן אויף צו שיקן קיין דייטשלאַנד.

אין שטוב האָט זיך געטאָן חושך. מען איז געלאָפן מיט

געווייין און געבעטן צום „טרויהענדער" יענער זאָל מיך פון זיי באַפרייען.

די מעשׂה האָט, וואָס אַן אמת, פאַרדראָסן אויך דעם „טרויהענדער". ס'טייטש, — האָט ער זיך געכעסט — מען נעמט מיר צו דעם פעיִקסטן ארבעטער?

ביידע צדדים: דער „טרויהענדער" און אַזוי אויך מאַניעקס חברה־לייט, זענען נישט אויסן געווען די הגדה, נאָר די קניידלעך. דער „טרויהענדער", וואָס פלעגט דורך מיר כאַפּן אַ זייטיק פאַרדינסטל, האָט געציטערט, אַז מיט מיין אוועקגיין וועט ער האָבן אַ פייג. די לייט פון דער „קולטוס־געמיינדע" האָבן ווידער געטראַכט צו באַקומען דערפאַר פון מיינע שטובמענטשן אַ היפּשע מטבע. דאָס איז זיי אָבער נישט געראָטן. דער „טרויהענדער" האָט, צו מיין גליק, געקערט וועלטן, מיך צו באַפרייען אַן זייער הילף. ער האָט זיך געוואַנדן אַזש צום סאַמעראָדנעם שעף פון די ענינים, רעלע, אים צוגעזאָגט אַ פּאָר נייע שטיוועלעך, און אויף דער האַנט פון אים באַקומען דעם באַפרייונגס־צעטל פאַר מיר. צו מאָרגנס, ערב פּסח, בין איך שוין, צום סדר, וואָס מיין פאָטער האָט אָפּגעריכט, געווען פון די בני־חורין...

אַ ביז גאָר שרעקלעך קאַפּיטל האָט מאַניעק פאַרשריבן בעת די נאַציס האָבן גענומען פון אים פאַרלאַנגען טראַנספּאָרטן יידן אויף דעפּאָרטאַציע קיין אוישוויץ, מאַניעק מיט זיין געווימל האָבן דאָס געדאַרפט באַשטימען „מי ומי ההולכים". מען האָט דערציילט, אַז צו דעם שווידערלעכן ענין האָט מאַניעק געלאָזט רופן צו זיך דעם ראַבינאַט מיט די חשובי־העיר, כדי עווענטועל פון זיי צו באַקומען דעם הכשר דערויף. נאָך אַ לענגערן דראַמאַטישן מיינונגס־אויסטויש האָט דער ראַבינאַט געפּסקנט: קיין שום ייד האָט נישט די רעכט צו

באַשטימען בנוגע זיינע ברידער יידן דעם „מי יחיה ומי ימות״. טאָר בכן אויך נישט די „קולטוס־געמיינדע״ זיך דערמיט פאַרנעמען, און צו באַשליסן דעם גורל פון די יידן מוז מען איבערלאָזן פאַרן משחית.

מאַניעק מיט זיין סוויטע, וועלנדיק וייטער אָנהאַלטן זייער ממשלה, האָבן זיך ליידער נישט גערעכנט מיטן דעת־הקהל. זיי האָבן נישט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון אַדאַם טשערניאַקאָוו, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן די פאַראָרדענונג וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון אַכט טויזנט יידן פונעם וואַרשעווער געטאָ. ער האָט אויסגעקליבן בעסער אַליין צו שטאַרבן, איידער צו שיקן אַנדערע אויף טויט. מאַניעק האָט אָבער געוואָלט זיין אין אָרדענונג לגבי די נאַצים, און געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט.

ער האָט ווידער אַ מאָל באַפוילן צו מאַכן רשימות קודם־כל פון עלטערע מענטשן און אָרעמע־לייט — די „בבל־סחורה״ פון דער געגנט. ווען דאָס האָט נישט געקלעקט פאַרן מספּר, זענען גענומען געוואָרן די קראַנקע פונעם יידישן שפּיטאָל אַרויס. אויב איז דאָס אַלץ נאָך געווען צו קנאַפּ, פלעגט די יידישע פּאָליציי כאַפּן יעדן ייד, וואָס פלעגט זיך דעמאָלט באַווייזן אויפן גאַס, ביז דער סכום איז פול געוואָרן.

כ׳וויל דאָ נישט שטעלן זיך אויפן אָרט פון אַ שופט און משפּטן יענע ברווינע יידעלעך, וואָס האָבן זיך גענומען די רעכט אין דער טרויעריקער היטלער־תקופה צו הערשן איבער זייערע ברידער און שוועסטער, און מיט אַ קריץ פון דער פעדער באַשטימען „מי להיים ומי למוות״. כ׳וויל זיי נישט דן זיין לכף־חובה (לכף זכות זיכער נישט), צי זייערע טאַטן זענען זיי באַגאַנגען בשוגג, ווי אַנוסים, צי במזיד, אַזויערנאָך צו ראַטעווען זייער נפש. זאָל זיך די געשיכטע דערמיט פאַרנע־

מען. וויפל מען זאָל נישט וועלן מלמד זכות זיין איבער זייער טרויעריקער טעטיקייט, איז אָבער נישט מעגלעך זיי מוחל צו זיין פאַר זייער מיאוסער אָפּנאַרעריי און פאַלשע הבטחות יעדעס מאָל. „ס'וועט גאָרנישט געשען", האָבן זיי געטענהט, כסדר אונדז געפּאַשעט מיט דער שיטה „דינא דמלכותא דינא", און דערמיט גורם געווען ס'זאָל די נאַצים געראָטן זייערע פאַרטיליקונגס-אַקציעס. מאָניעק האָט נישט פאַרשטאַנען, אָדער געמאַכט זיך נישט פאַרשטיין, אַז ער איז נישט מער, ווי אַ ווערקצייג אין די היטלער-לאַפּעס, זיי בייהילפיק צו זיין אין זייערע אַכזריותן, און ווען ער וועט שוין האָבן אַלץ אָדער כמעט אַלץ פאַר זיי אויסגעפירט, וועט ער אויך טיילן דעם סוף פון די יידן, איבער וועלכע ער געוועלטיקט איצטער. דאָס איז טאַקע געשען און באַוויזן געוואָרן ערב דער ליקווידאַציע פון געטאָ שראָדולאַ. די צוררים האָבן דעמאָלט קודם-כל ליק-ווידירט מאָניעקן מיט זיין ברודער חיים, דער „ראש הקהל" פון סאָסנאָוועצ, און פאַר זייער „שׂכר-טירחה" זיי משלח גע-ווען צו זייערע קרבנות קיין אוישוויץ. „דער ייד האָט דאָס זייניקע געטאָן, דער ייד קאָן שוין גיין"...

# פיר געהאָנגענע יידן

אַז יידיש בלוט איז געווען הפקר אין דער היטלער־תקופה, ווייסט שוין היינט יעדער, אָדער כמעט יעדער בר־דעת. מיט דעם דערציילטן דאָ בין איך אויסן צוצוגעבן צום שלל גרויזאַמקייטן פון דעמאָלט, דאָס בילד פון יענעם זוניקן פרימאָרגן אין דער ערשטער צייט פון דער נאַצי־ממשלה ביי אונדז אין שטאָט. עד היום פאַרשאַפט דאָס מיר קאָשמאַר־נעכט און דער שוידער טוט אַ קניפּ אין האַרצן ווען דאָס קומט אויפן זכרון.

געווען איז דאָס עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי ס'איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן די „גוטע בשׂורה", אַז פאַר יידן איז דער מסחר פאַרבאָטן און יעדער פון זיי מוז אויפגעבן פאַר דער מאַכט אַ רשימה פון זיין פאַרמעגן.

אין איינעם אַן אָוונט איז געקומען צו אונדז די יידישע פּאָליציי און צוגענומען פון אונדז די „אויסווייזן" (אידענטי־טעט־קאַרטן). זיי האָבן באַפוילן קומען צו מאָרגנס האַלב צען אין דער פרי, אויפן סקווער פון דער מאַנדזשעווער גאַס. פאַר וואָס, צו וואָס, ווייסן זיי נישט, אָדער זיי ווילן נישט זאָגן: „ס'איז אַ באַפעל".

מילא, אַ סוד איז אַ סוד און באַפעל איז באַפעל. מחמת דער שוין שפּעטער שעה און דעם פאַרבאָט צו באַוועגן זיך אויפן גאַס, האָט מען זיך נישט געקאָנט פון קיינעם דערוויסן וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך. אָבער אַז דאָס איז נישט פאַר אונ־דזער טובה וועגן — האָט מען פאַרשטאַנען.

ווען מיר זענען צו מאָרגנס געקומען אויפן אָנגעווי־

זענעם פלאַץ, האָבן מיר דערזען דאָרט פיר צוגעגרייטע תליות. פאַר אונדז איז קלאָר געוואָרן פאַר וואָס מען האָט אונדז באַפוילן קומען אַהער: כדי מיר זאָלן צוקוקן און זען, ווי אַזוי די נאַצי־הענקער וועלן דאָ באַלד דערווערגן פיר מענטשן.

ווער וועלן דאָס זיין די קרבנות? — האָט אַ מוראדיקער ציטער געצויגן דעם נייגער. אַז דאָס וועלן זיין יידן, האָט מען פאַרשטאַנען, אָבער אויף וועמען ס׳איז געפאַלן דער גזר פון די היטלער־רוצחים זיי דאָ אומצוברענגען אויף די תליות — האָט מען נישט געוווּסט.

מיט דייטשער פּינקטלעכקייט, גענוי צען אַ זייגער פרי, זענען אָנגעקומען אַ צענדליק אויסגעפּוצטע ס. ס.־אָפיצערן און געסטאַפּאָווצעס מיט אויסגעפרעסענע מאָרדעס. זיי לאַכן, שטיפן צווישן זיך, פאַרכלינען זיך אַזש פאַר שׂמחה פונעם „יום־טוב״, וואָס ס׳דערוואַרט זיי דאָ היינט. אַ ווײַלע שפּעטער פאָרט אָן דער פּאָליציי־וואָגן („דאָס טויטן־קעטשל״ האָט מען עס גערופן) און ס׳גייען פון אים אַרויס, נישט טויט נישט לע־בעדיק, געבונדן אין קייטן: דער יידישער אָנגעזעענער סוחר פון סאָסנאָווצע קאָהן, מיט זיין עלטסטן זון. נאָך זיי — נאָך צוויי יידן פון דער שכנותדיקער שטאָט בענדין. אַלע פיר יידן ווערן באַלד צוגעפירט צו די פאַר זיי צוגעגרייטע תליות. נאָכן איבערלייענען דעם „אורטייל״ מיט אַ טוץ אויסגעטראַכטע בלבולים, ווערן זיי אויפגעהאָנגען.

אַ שוידערלעך צערפולן שאָק האָבן דעמאָלט באַקומען די פיר יידן דערזעענדיק פאַר זיך דעם המון מענטשן, די אויפ־געשטעלטע תליות, מיט דער מחנה היטלעריסטן אַרום זיי. זייערע פּנימער זענען דערפון מיט אַ מאָל געוואָרן געל ווי ביי מתים. דער פאָטער קאָהן, נאָכן פאַרלייגן אים די פּעטליע

אויפֿן האַלדז, האָט נאָך באַוויזן אויסצושרייען זיין לעצטן „שמע ישׂראל”. די אַנדערע דריי יידן זענען געוואָרן ווי פֿאַר־גליווערט און נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פֿון מויל. די זון האָט געשײַנט און באַלויכטן די שטאַרע גופים פֿון די פֿיר דערשטיקטע יידן, וואָס האָבן זיך געהוידעט אויף די תליות, ביז ס׳איז געוואָרן באַפֿוילן די „חברה־קדישא” זיי זאָלן זיך מיט זיי מתעסק זיין און זיי ברענגען צו קבר־ישׂראל. די זון האָט געשיינט און גלייכצייטיק פֿאַרפֿינצטערט אונ־דזערע געמיטער מיטן שרעקלעכן געפֿיל פֿון דעם אָקערשט איבערגעלעבטן. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, וואָס די נאַציס זענען פֿעיִק צו טאָן מיט פֿרידלעכע אומשולדיקע מענטשן, בפֿרט מיט יידן.

# רויבער

אחוץ קאָנפיסקאַציעס פון ייִדישע געשעפטן, פאַבריקן, סחורות און פאַרמעגנס, וואָס די נאַצי־רויבער פלעגן זיך צו־אייניקן, איז אויך געגוג געווען, אַז ס׳זאָל וועלכן ס׳איז דייטש אָנשמעקן עפּעס, וואָס געפינט זיך ביי אַ ייִדן, ער זאָל זיך דאָס באַלד קאָנען פאַרגינען. צום מיינסטן איז דאָס געשען מיט מעבל און אַנדערע שטובזאַכן; פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט די „פיינשמעקער", די דייטשע בעלנים דערויף, גע־דאַרפט געפעלן ווערן. האָבן דעריבער ייִדן וואָס האָבן פאַר־מאָגט לייטיש מעבל, קאַליע געמאַכט די מעבלשטיק, כדי ס׳זאָל אַזוי אַרום נישט שטאַרק נושא־חן זיין אין די אויגן פון די רויבפייגל.

אַ סך געזונט האָט געקאָסט מיין פרוי ע"ה, וועלכע פלעגט זיך צירן אין יעדער שטובזאַך און ספּעציעל שטאַרק אָנגעקוואָלן פון דעם פריש־געקויפטן מעבל, ווען זי האָט געזען, ווי איך טו פּלוצעם מיטן האַמער אַ זעץ אינעם שפּיגל פון דער שאַנק, ווי איך רייס אַראָפּ דעם פאַרניר פון די בעטן, כדי בעת אַזאַ באַזוך פון אַ דייטש ביי אונדז אין שטוב זאָל דאָס מעבל אים נישט געפעלן ווערן. ס׳האָט מיר אָבער ווייניק געהאָלפן: די רויבער האָבן דאָס אַזוי אויך אַק־צעפּטירט.

רעוויזיעס זענען אויך פאָרגעקומען דורך פאַרשידענע באַנדעס ציוויל געקליידטע היטלעריסטן. זיי פלעגן אָפּ־שטאַטן „וויזיטן" אין יידישע שטובן און צורויבן דאָס אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך זיי געגלוסט.

צוויי אַזעלכע פֿאַרשווינען זענען אין פּרימאָרגן געקומען „באַזוכן״ אַ יידישע משפּחה צוקערמאַן. זיי האָבן פֿאַרהאַלטן יעדן איינעם וואָס פּלעגט קלינגען ביי דער טיר — צי דאָס איז געווען אַ שכנה, וואָס האָט געוואָלט עפּעס באָרגן, צי פֿרעגן זיך וועגן עפּעס וואָס. אַלע, אַלע, זענען זיי דורך די לייט פֿאַרזאַמלט געוואָרן אין איין צימער, ווו מ'האָט זיי בודק געווען און רעווידירט פֿון קאָפּ ביז פּיס און נישט גע־שוינט אַפֿילו די פֿרויען, וואָס האָבן זיך געמוזט אויסטאָן ביז די אונטערוועש. די מנוולים האָבן זיך דערביי צו זיי באַ־צויגן פֿרעך, טאַקע ווי גאַסניונגען.

מעשׂה שׂטן האָט די באַלעבאָסטע פֿון שטוב, מחמת מורא פֿאַרן ביסל צירונג, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט און געוואָלט דאָס פֿאַרהיטן פֿון אַ גנבה וכדומה, וואָס קאָן טרעפֿן אין אַזוינע אומרויִקע טעג — דאָס צוזאַמענגענומען אין אַ טאָרבעלע און געטראָגן אויפֿן לייב, כדי אַזוי אָרום צו פֿאַרהיטן פֿון אַ בייז אויג.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ווי נאָר די רויבער האָבן דאָס דער־זען, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו דער יקר־המציאה. ווי אַ צו־לאָג האָבן זיי די פֿרוי אויך מיטגענומען מיט זיך און איבער־געלאָזט אַ צעטל פֿאַר איר מאַן, וואָס איז דעמאָלט גראָד גע־ווען אין גאַס, אַז ווי נאָר ער וועט אַהיימקומען, זאָל ער תיכף זיך צושטעלן צו זיי אין דער קאָמענדאַטור.

ס'איז געוואָרן אַ מהומה, די קינדער זענען אין איילע־ניש געלאָפֿן אויפֿזוכן דעם טאַטן, אים דערציילט, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען אין שטוב, און אים אויך איבערגעגעבן דעם צעטל, מיט וועלכן ער דאַרף זיך מטריח זיין אין דער פּאָליציי־קאָמענדאַטור.

אַ צעטומלטער פֿון שרעק איז צוקערמאַן אַרויף אין

דער „קולטוס-געמיינדע" צו בעטן הילף און אַן עצה, וואָס צו טאָן.

— אַ כפרה זאָל זיין דאָס ביסל צירונג, זאָלן זיי דאָס פאַרקרענקען — זאָגט ער — דאָס ערגסטע איז, וואָס איך מוז נאָך גיין אין דער קאָמענדאַטור.

— נישט גיין איז נאָך ערגער — זאָגן צו אים די באַאַמטע פון דער געמיינדע. בפרט נאָך ווען זיי האַלטן דאָרט אַ משכון די פרוי זיינע. פאַרפאַלן.

מיט אַ געמיט, ווי ער וואָלט געגאַנגען צו דער תליה, איז צוקערמאַן בלית ברירה געגאַנגען אַהין. ווי נאָר ער דערלאַנגט זיי דאָס צעטעלע, באַקומט ער פון זיי דעם ערשטן „ברוך־הבא" — אַ זעץ מיט זייער רוצחישן כוח אין פּאַטעל אַריין, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, אַז דער פּאַטעל איז שיִער נישט צעפּלאַצט געוואָרן אויף צווייען. זיי האָבן אים אויך מודיע געווען, ער זאָל תיכף אַהערברענגען טויזנט מאַרק אַ צוגאָב. אַנדערש, וועלן זיי ביידע, צוקערמאַן מיט זיין ווייב, שוין מער נישט זען די שיַין פאַר די אויגן.

ס'האָט נישט געהאָלפן צוקערמאַנס וויינען און בעטן זיך ביי די רויבער זיי זאָלן באַוויליקן אויף אַ ביסל וויניקער, אַז ס'איז אים נישט מעגלעך נאָכצוקומען זייער פאַרלאַנג. פון וואַנען וועט ער נעמען אַזאַ סומע געלט, וואָס ער האָט קיין מאָל אפילו פאַר זיינע אויגן נישט געזען.

— נישט צו מאַכן! מיר זענען נישט קיין יידן. מיר האַנדלען נישט — דערלאַנגען זיי אַ וואָיע צוריק — טויזנט מאַרק! פאַרשטאַנען? ווען נישט, איז דאָס „לאָך" אין קאַטאַוויץ (אַ שרעקלעכע תפיסה).

הענדום-פענדום איז צוקערמאַן געלאָפן צו קרובים, פריינד און באַקאַנטע, זיי איבערגעבן די צרה, וואָס ס'האָט אים גע־

טראָפּן, און געבעטן, מ׳זאָל זיך מרחם זיין אויף אים און העלפן צושטעלן די טויזנט מאַרק און דערמיט מקיים זיין די מצווה פון פּידיון־שבויים.

צוקערמאַנען איז, וואָס אַן אמת, נישט זייער שווער אָנגעקומען דעמאָלט צונויפצוזאַמלען די בשעתו גרויסע סו־מע געלט. פּאַרט יידן בני־רחמנים. ווען צוויי יידישע נפשות שטייען אין סכנה, איז נישט פאַראַן קיין אָרעם קהל. צו דער באַשטימטער שעה איז צוקערמאַן, אַן אויסגעצוואָגענער פון טרערן און שוויים, אַהינגעלאָפן צו די רויבער מיט דער פון זיי געפאָדערטער סומע געלט.

מיינט איר דאָך אַוודאי, אַז דערמיט איז שוין דער עסק דערליידיקט, טאָ האָט געדולד און כאַפּט נישט. איצט קומט ערשט דאָס רעכטע און געדעכטע.

נאָך דעם ווי די כוליגאַנעס האָבן שוין געהאַט אין זייערע שמוציקע לאַפּעס דאָס געלט, וואָס צוקערמאַן האָט זיי געבראַכט, נעמען זיי ערשט צונויפשטעלן אַ פּראָטאָקאָל מיט דער באַשולדיקונג, אַז צוקערמאַן מיט זיין פרוי האָבן זיך געגרייט דאָס דאָזיקע צירונג אַרויסצושמוגלען קיין אויס־לאַנד און זיי זענען דערביי געכאַפּט געוואָרן. לכן שרייבן זיי זיך אונטער, אַז זיי שענקען דאָס צירונג דעם דריטן רייך במתנה. די טויזנט מאַרק צאָלן זיי איין אַ קאָנטע אויף דער געלטשטראָף וואָס דערוואַרט זיי דערפאַר, און וואָס אונטער־ליגט צו דעצידירן און באַשטימען דורך דער „דעוויזן־שטע־לונג" אין טראָפּאַוער.

זיכער איז נישט שייך געווען, אַז די צוקערמאַנס זאָלן נאָכן הערן איבערלייענען די „באַשולדיקונג" וועלן רעאַגירן אויף זיינע פאַלשקייטן. זיי האָבן דעם פּראָטאָקאָל אונטער־געשריבן. ערשט דערנאָך זענען זיי באַפרייט געוואָרן.

# באַקומען זיין שכר

אַז אַ גרויסע טייל פּאָליאַקן האָבן אין אַלע צייטן נישט אויסגעצייכנט זיך מיט צו שטאַרקער ליבע צו יידן, איז דאָך קיין נייעס נישט. ליגן דאָך נאָך ביי אַ סך פון אונדז אין זכרון זייערע שטענדיקע שיקאַנעס לגבי יידן בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה. פאַרשידענע בילבולים און מסירות, וואָס זיי פלעגן צוטראָגן צו די קאָזאַקן נאָכן אָפּטרעטן פון די דייטשן, האָבן מער ווי איין מאָל געשטעלט אין סכנה יידיש לעבן. און שפּעטער, שוין אין פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, בימי האַלער וחברותא, געדענקען מיר דאָס ברוטאַלע איזדיעקעווען זיך איבער יידן, דאָס שניידן, רייסן און אונטערצינדן ביי זיי די בערד וכדומה נאָך אַזוינע „מעשׂים טובים" זייערע. אפילו שוין „בפתחו של גיהנום", שוין נאָענט פון פּוילנס מפּלה, זענען זיי נאָך אַלץ נישט געוואָרן קיין „חוזרים בתשובה", נאָר ווי אייפערדיקע רשעים ווייטער נאָך אָנגעגאַנגען מיט די רדיפות קעגן יידן. די דעמאָלטדיקע רעגירונג האָט געגעבן איר לעגאַלן „הכשר" אויף צו באָיקאָטירן יידישע געשעפטן. די טרויעריק באַקאַנטע „אָוושעם-פּאָליטיק" איז עפנטלעך געוואָרן געפּרעדיקט פון דער סיים-טריבונע.

אין דער צייט פון לית דין ולית דיין לגבי יידן, בעת דער היטלער-תקופה, דאַרף מען דאָך אוודאי אויסנוצן דעם שעת-הכושר : מקיים זיין די „מצווה" פון שלאָגן יידן און פאַר איין וועגס אויך בייהילפיק זיין די נאַצים אין זייער יידן-פאַרניכטונג.

איין מאָל אין אַ פּראָסטן נאָכמיטאָג האָט איינער אַזאַ

פוילישער כוליגאַן באַגעגנט אַ יידן אויף דער הויפּטגאַס פון שטאָט און געוואָלט באַווייזן וואָס ער קאָן. צו ערשט האָט ער דעם יידן פאַרטשעפּעט און אַזוי, מיר נישט, דיר נישט, גענומען אים שלאָגן. ער האָט אַ פּנים אויך געוואָלט דערמיט נושׂא־חן זיין אין די אויגן פון די דייטשע אָפיצערן, וואָס זענען דאָרט געזעסן אין דער נאָר פאַר דייטשן דערלויבטער קאַפע „רעקס".

אין יענער מינוט איז גראָד אַרויסגעגאַנגען פון קאַפע אַ דייטשער מיליטער־מאַן, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, ווי דער אויסוואָרף שלאָגט דעם יידן, און ער האָט צוגערופן צו זיך דעם שלעגער.

בעת יענער האָט זיך געטראַכט מי יודע וואָס פאַר אַ שׂכר ער וועט דאָס באַלד באַקומען פונעם דייטש פאַר דעם „פיינעם שטיקל אַרבעט", האָט גאָר דער אָפיצער אים מסלק געווען מיט אַ בינטל קלעפּ, אַז ס'איז אים געווען אַ מינוט צום טויט. „דו פוילישער שוויין! דו וועסט אויך שוין שלאָגן יידן"? — האָט ער דערלאַנגט אַ היקע אויף אים, ווי איינער זאָגט: דאָס פאַרגעניגן געהערט אויסשליסלעך צו אונדז, דייטשן פונעם דריטן רייך...

בקיצור, דער כוליגאַן האָט אין גרויס אימה און בושה זיך קוים אָפּגעטראָגן מיטן לעבן און פאַרשוואונדן.

די אַלע, וואָס האָבן דעמאָלט דאָס בייגעוווינט, האָבן זיך געזאָגט: גוט אַזוי, אַ שיינע ריינע כּפּרה אויף דיר. „על דאטפת אטפוך". האָסט געשלאָגן אַ יידן, ביסטו אויך אַליין געשלאָגן געוואָרן, און דו האָסט נאָך דיין שׂכר באַקומען מיט פּראָצענטער. און אפשר וועט דער פאַרשוין און זיינס גלייכן עפּעס לערנען פון דער לעקציע, אַז אַלע, און אויך ער אַליין, געפינען זיך אין שונאס האַנט.

אַוודאי איז נישט זיכער, צי דער פּסק וואָס דער כולי־גאַנישער פּאָליאַק האָט דעמאָלט באַקומען פונעם דייטשן אָפיצער, זאָל האָבן געהאַט אַ פּעולה אויף אַנדערע פּאָליאַקן. צו זייער גרעסטער חרפּה איז מיט זיי געשען דאָס פאַרקערטע. ווי ס׳זאָל נישט זיין, הגם דאָס דערציילטע דאַרף נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ רעהאַביליטאַציע לגבי דעם דייטשן אָפיצער, אָבער אַ שטיקל סאַטיספאַקציע האָט דאָס דעמאָלט פאָרט פאַרשאַפט.

# אַ פּוילישער „אַריסטאָקראַט"

אין יענעם טייל פון פּוילן, וואָס איז דורך די היטלע־ריסטן געוואָרן אָנגעשלאָסן צום דריטן רייך, איז געוואָרן אָפּגערופן די פּוילישע וואַלוטע. בטלין ומבוטלין כאפרא־דארעא. דאָס האָט פאַרשטייט זיך אַרויסגערופן אַ מהומה ביי דער ציווילער באַפעלקערונג. דער עולם, בפרט יידן, וואָס האָבן לויטן געזעץ שוין מיט אַ צייט צוריק געדאַרפט אויפגעבן פאַר דער מאַכט דעם באַטרעף און הייך פון זייער פאַרמעגן און דאָס נישט געטאָן „בשלמות", זענען דערפון געוואָרן צעטומלט, נישט געוווּסט וואָסער עצה זיך צו געבן מיט אָט דעם טריפהנעם געלט. מען האָט בכן געזוכט תחבולות צו קאָנען עס איבערבייטן אויף דייטשע מאַרקן.

מיינער אַ שכן, אברהמל וויינטרויב, וועלכער איז געבליבן מיט אַ היפּש פּעקל פּוילישע זלאָטעס, איז פון דער מעשׂה פּשוט געוואָרן אוים מענטש. עפּעס אַ קלייניקייט? איבער נאַכט געוואָרן אַן אביון. קיינער וויל דאָך נישט נעמען דאָס געלט אין האַנט אַריין, כאָטש גיי און פאַרברען עס אויפן פייער.

זעענדיק זיין מצב האָבן יידן אים געעצהט ער זאָל זיך דערוועגן ווענדן צו דער פּוילישער פירמע „וויטקאָווסקי עט קאָמפּאַני" פון סאָסנאָווצע. היות זייער מסחר איז באַשטאַנען פון צושטעלן רוישטאָף פאַר די הוטעס פון דער געגנט און זיי זענען אַזוי אַרום אין האַנדלס־באַציִונגען מיטן „גענעראַל־גוּווערנעמענט", ווו די פּוילישע זלאָטע איז ווייטער געווען אַ גאַנגבאַרע וואַלוטע, קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז זיי זאָלן

אים קאָנען דאָס געלט אויסטוישן אויף דייטשע מאַרקן.

נישט לאַנג געטראַכט, און ווײַנטרויב איז תּיכף אַהין אין ביוראָ צו די וויטקאָווסקים, דאָרט האָט ער אויך שוין געטראָפן נאָך אַנדערע יידישע אָנגעזעענע סוחרים פון שטאָט. הגם קיינער האָט ביי קיינעם נישט געפרעגט וועגן וואָס מען איז דאָ אַהער געקומען, האָט יעדער ביי זיך סיי ווי געוווּסט און פאַרשטאַנען די סיבה דערפון. יעדער פון זיי איז געווען צופרידן צו האָבן דאָרט געטראָפן נאָך יידן, וואָס זוכן צו געפינען אַ תּיקון פאַר זייער פויליש געלט. ווי באַלד דאָס איז אַן ענין פון אַ רבים, איז דאָס אַליין שוין אַ שטיקל נחמה.

ווײַנטרויב איז דורך וויטקאָווסקין געוואָרן אויפגענומען זייער אָנשטענדיק. נאָכן דערקלערן די סיבה פון זיין קומען צו וויטקאָווסקין, האָט ער פון יענעם תּיכף באַקומען די גינסטיקע תּשובה, ווי ווייט מעגלעך ווײַנטרויבן דאָס געלט איבערצובייטן אויף דייטשע מאַרקן. אויף דער סומע פויליש געלט האָט ווײַנטרויב באַקומען פון וויטקאָווסקין אַ קבלה מיט אַן אַ שיעור סטעמפּלען און חתימות, ווי ס'פירט זיך ביי לייטן און אים געהייסן קומען אין עטלעכע טעג אַרום.

ויהי היום, אַז ס'איז געקומען דער אָפּגערעדטער טאָג און ווײַנטרויב איז געקומען אין ביוראָ צו וויטקאָווסקין, האָט אים יענער אויפגענומען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא, מיט די אַלע קונצן, געבעטן זיצן, מכבד געווען מיט אַ פיינעם פּאַפּיראָס, טאַקע אַזוי ווי ס'פּאַסט פאַר די לייט פון אַזוינע הויכע קרייזן.

ווײַנטרויב, וואָס איז נישט אויסן געווען די הגדה און נישט די קניידלעך, נאָר זיין פּעקל, האָט טאַקע באַלד אַ

פרעג געטאָן וויטקאָווסקין מכוח יענער מעשׂה — זיין געלט, הייסט עס.

— דער מענטש, וואָס דאַרף דערליידיקן די ענינים — ענטפערט אים וויטקאָווסקי — קאָן דאָס נישט טאָן מיט קאַסע געלט, אין דייטשע מאַרקן הייסט עס, נאָר מיט סחורה, און דאָס דווקא קראַנטע סחורה, ווי למשל זייף. אויב קאָנט איר זיך באַזאָרגן מיט אַזאַ קונה, איז ביטע זייער. קאָן דאָס געשעפט גלייך געמאַכט ווערן. דאָס מוז אָבער געטאָן ווערן שטאַרק בסוד.

וואָס איז שייך צו פרעגן וועגן אַ קונה אויף אַזאַ חריף אַרטיקל, ווי ס'איז זייף אין מלחמה־צייט? — טראַכט זיך וויינטרויב. ס'וועלן זיין צען פּאַר איינעם. קודם כל, לייבעלע פּונעם שפּייזגעוועלבל, וואָס וועט זיך דערצו צוכאַפּן ווי צו אַ צימעס. און ווער דען נישט? אַזוי, אַז מ'קאָן דערמיט שיסן צוויי האָזן מיט איין מאָל. פאַרדינען דערביי אַ שיינע פּאָר מאַרק, און דער עיקר — האָבן פּאַר פּוילישן געלט דייטשע מאַרקן. האָט ער זיך דעריבער צוגעכאַפּט צו די אָנגעבאָטענע קעסטלעך זייף פון וויטקאָווסקין, ווי מען זאָגט עס, מיטביידע הענט.

נאָכן דערליידיקן די טראַנזאַקציע און חתמנען דעם קאָנטראַקט מיט אַ האַלבן טוץ פּיעטשאַטן, איז וויינטרויב מיט גרויס שׂמחה אַהיימגעלאָפן אין שטוב אָנזאָגן די בשׂורה טובה זיין ווייבל זיסעלע.

— האָסט אַן אַנונג — זאָגט ער צו איר מיט גרויס התפּעלות — סאַרע גליק דאָס איז? ווייסט כאָטש, וואָס דאָס הייסט היינטיקע צייטן צו האָבן עטלעכע קעסטלעך זייף?

— ס'איז עפּעס צו גוט, אַז ס'זאָל זיין אמת — ענט־

פערט אים זיין ווייב זיסעלע — זע בעסער אַרויסצוקריגן דאָס ביסל געלט און זיי מוחל די פאַרדינסטלעך...

פון דעם עסק מיט דער זייף האָט זיך טאַקע אויסגע־לאָזט אַ זייפנבלאָז. ביי דער נאָענטער באַגעגעניש מיט וויינ־טרויבן האָט אים וויטקאָווסקי מודיע געווען, אַז די קעסט־לעך זייף זענען לעת אתה פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער גרענעץ און מען באַמיט זיך זיי פון דאָרט צו באַפרייען. אַגב אורחה דערלאַנגט ער אַ פרעג וויינטרויבן, אויב ער וואָלט נישט געהאַט אַן אָפּנעמער אויף אַ טראַנספּאָרט לע־בעדיקע קאַרפּן. מען האָט אים, זאָגט ער, דאָס פאַרגעלייגט צו ברענגען פון „גענעראַל־גוווערנעמענט" פאַר אַ שפּאָט ביליקן פּרייז, בתנאי, אַז דאָס זאָל תיכף געשען.

וויינטרויבן האָט שטאַרק געלאָקט דער פאַרגעלייגטע מסחר מיט די קאַרפּן. ווער מיר גוטס גינט, האָט ער זיך געטראַכט, סאַראַ אַרטיקל ס'איז לעבעדיקע קאַרפּן. מ'האָט דאָך שוין אַזוי לאַנג נישט געפילט דעם טעם דערפון. ס'האָט אים פון דעמטוועגן אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן אַ פאַר־דאַכט אויף וויטקאָווסקין מיט זיין גאָלדן געשעפט, וואָס יענער האָט אים ווידער פאָרגעלייגט. ס'איז אים בשעת מעשה געקומען אויפן געדאַנק זיין זיסעלעס ווערטער: „ס'איז עפּעס צו גוט, אַז ס'זאָל זיין אמת". נאָר וואָס איז דאָ פאַראַן צו טראַכטן, אַז מען דאַרף זען בכל אופן אַרויסצוקריכן מיטן ביסל מזומן? זאָל זיין זייף, זאָל זיין פיש, אַבי אַרויס פונעם עסק מיט געזונטע ביינער...

צוזאָגנדיק וויטקאָווסקין אים צו געבן תשובה אין אַ שעה אַרום, האָט זיך וויינטרויב געלאָזט גיין צום יידישן פיש־סוחר פון שטאָט, געלבאַרט, כדי אים פאַרצולייגן דעם משא־מתן.

דער פיש-סוחר געלבאַרט, וואָס האָט שוין שיינע חדשים קיין לעבעדיקן קאַרפּ אין האַנט נישט געהאַט, האָט באַטראַכט ווײַנטרויבס פאָרשלאָג ממש ווי צוגעשיקט פון הימל און, פאַרשטייט זיך, באַלד מסכים געווען אויפן מקח. ער איז אַפילו גרייט געווען צו באַצאָלן פון פאָרויס פאַר די פיש אויב ס'וועט זיין נייטיק, מיטן איינציקן באַדינג נאָר, אַז די פיש מוזן אָנקומען צו אים דאָנערשטיק אָוונט, אָדער שפּעטסטנס פרייטיק פרי.

בקיצור, ווײַנטרויב האָט מיט וויטקאָווסקין געשלאָסן דאָס פיש-געשעפט. ס'איז ווידער געמאַכט געוואָרן אַ קאָנטראַקט כתוב וחתום מיט אַלע קלימפּערלעך, אַזוי און אַזוי, גענוי ווי געלבאַרט דער שטאָטישער פיש-סוחר האָט דאָס פאַרלאַנגט. איי, וואָס טוט מען, אויב די פיש וועלן אָנקומען דאָנערשטיק שפּעט ביי נאַכט, ווען ס'איז נישט דערלויבט ווײַנטרויבן צו באַוועגן זיך אין גאַס? — גיט בינו לבינו ווײַנטרויב אַ פרעג וויטקאָווסקין. אויף דעם האָט וויטקאָווסקי אויך אַן עצה. פאַרט אַ סוחרישער קאָפּ: אין אַזאַ פאַל, זאָגט ער, וועט ער קומען נעמען ווײַנטרויבן מיט זיין וואָגן און אים פירן וווּהין מען וועט דאַרפן. דערויף האָט ער אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט.

הכלל, אַלץ גייט ב"ה ווי ס'באַדאַרף צו זיין, טראַכט זיך ווײַנטרויב. בלייבט בלויז איבער צו וואַרטן אויף די פיש. יאָ, לאָמיך נאָר נישט פאַרגעסן אַ רעד צו טאָן מיטן סטרוזש פונעם הויז און מיט אים אָפּמאַכן, אַז אויב ס'וועט דאָנערשטיק ביי נאַכט קלינגען ביים טויער דער און דער, זאָל ער אים תיכף עפענען און אַרײַנלאָזן. געזאָגט און געטאָן. ווײַנטרויב האָט אים בשעת מעשׂה דערפאַר אַרײַנגעשטעקט אין

יד אריין אַ מטבע מיט אַ ביסל פּאַפּיראָסן און דער סטרוזש האָט אים צוגעזאָגט דאָס אויסצופירן.

מיט אומגעדולד האָבן וויינטרויב און געלבאַרט דער פיש־סוחר געוואַרט אויף דער דאָנערשטיקער נאַכט, ווען ס׳דאַרפן אָנקומען די פיש. יעדעס מאָל, ווען דאָס טויער פלעגט זיך עפענען, האָט מען געמיינט, אַז שוין — אַז דאָס קומט וויטקאָווסקי נעמען וויינטרויבן אָפּצוליפערן די קאַרפּן צום פיש־סוחר. פון לייגן זיך שלאָפן איז דאָך גאָר קיין רייד נישט, מחמת וויטקאָווסקי קאָן יעדע מינוט אַריינפאַלן.

איז געגאַנגען אַ מינוט נאָך אַ מינוט, אַ שעה נאָך אַ שעה. פון גרויס דענערווירונג האָט שוין וויינטרויב אויסגע־רויכערט אַלע זיינע פּאַפּיראָסן — און וויטקאָווסקין זעט מען נאָך אַלץ נישט.

ויהי ערב ויהי בוקר, ס׳איז שוין ב״ה אַכט אַ זייגער אין דער פרי — והילד איננו. געלבאַרט דער פיש־סוחר קומט צו לויפן אין איין אָטעם צו וויינטרויבן מיט דער טענה:

— ס׳טייטש? ווו זענען מיינע פיש? וואָס איז געשען מיט די קאַרפּן? אַ פול געוועלב מיט קונים וואַרטן דאָך שוין ביי מיר אויף די פיש. איר מאַכט מיך אוים סוחר און אוים מענטש!

אָוודאי האָט וויינטרויב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן דעם פיש־סוחר, וואָס אַזוינס ס׳האָט געקאָנט געשען מיט די פיש. פון וואַנען זאָל ער דאָס וויסן? איז דעריבער געבליבן ער זאָל צוזאַמען מיטן פיש־סוחר געלבאַרט זיך לאָזן צו וויט־קאָווסקין און געוואָר ווערן די סיבה דערפון. וויינטרויב האָט אויך אין זינען געהאַט דאָס מאָל מיט וויטקאָווסקין צו רעדן האַרבע דיבורים, הן פאַרן נישט אויספירן די פונקטן פונעם קאָנטראַקט, ווו ס׳איז בפירוש געשריבן, אַז די פיש מוזן

אָנקומען צום פיש־סוחר שפּעטסטנס ביז פרייטיק, פרי, אַזוי אויך בכלל פאַרן אָפּשלעפּן שוין עטלעכע וואָכן מיטן איבער־בייטן אים זיין פּויליש געלט אויף די דייטשע מאַרקן.

צו זייער גרעסטער שטוינונג האָבן זיי דעם חברה־מאַן דאָרט נישט געטראָפן. קיינער אין ביוראָ ווייסט נישט צו זאָגן ווען ער וועט זיך דאָרט אַריינשטעלן. זיי האָבן געוואַרט און געוואַרט — נישט מען זעט, נישט מען הערט אים. וויט־קאָווסקי איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. לסוף זענען זיי בלית ברירה אַהיימגעגאַנגען מיט גאָרנישט.

אַראָפּגייענדיק אויפן גאַס זאָגט געלבאַרט דער פיש־סוחר צו וויינטרויבן:

— מיר דוכט זיך, אַז אייערע קאַרפּן לעבן דערווייל אַ גוטן טאָג אין זייער אַזיערע ערגעץ... מיר האָט איר אָבער גוט פאַרדרייט דעם קאָפּ און פאַרשוואַרצט ס׳פּנים ביי מיינע קונים. — און איז אַוועק פון אים אָן „אַ גוטן טאָג”.

וויינטרויב האָט ערשט רעכט געזען, אַז זיין זיסעלעם השערה האָט זיך באַשטעטיקט — אַז ער איז געפאַלן אַ קרבן פון אַן איינפאַכן שווינדלער אין געשטאַלט פון אַ פּוי־לישן אַריסטאָקראַט. ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים פאַר־ביטערט און אויך פאַרשעמט דערפון, וואָס ער האָט זיך מיט די אייגענע הענט געלאָזט אַריינדרייען צו אַזאַ ראַפינירטן אַפערִיסט.

אַריינגעקומען אין שטוב — האָט וויינטרויבן דערוואַרט אַ פרישע איבערראַשונג. אַנשטאָט וויינטרויבן אויסצוצאָלן פאַרן פּוילישן געלט דייטשע מאַרקן, אָדער דערפאַר אים געבן קעסטלעך זייף, צי גאָר ליפערן אים דעם טראַנספּאָרט לעבעדיקע קאַרפּן, האָט וויטקאָווסקי אים גאָר געליפערט צוויי געסטאַפּאָווצעס צו מאַכן אַ רעוויזיע ביי אים אין דער

וווינונג, כדי ביי אים צו געפינען אַ פרישע עבירה און דער־פאַר אים איינזעצן אין תפיסה און אַזוי אַרום פטור צו ווערן פון אים.

ווײַנטרויב האָט נאָך, צו די אַלע צרות, געהאַט ביי זיך די דריי טריפהנע פאַפירן אויך: די באַשטעטיקונג אויפן איינגעצאָלטן געלט ביי וויטקאָווסקין און די צוויי קאָנ־טראַקטן אויף דער זייף און די פיש. ווען מ׳זאָל דאָס ביי אים געפינען, איז ער דאָך דערפאַר חייב מיתה. ער האָט זיך אָבער גיך אָריענטירט דערפון פטור צו ווערן. בליץ שנעל איז ער אַריין אינעם צווייטן צימער, כלומרשט אויסצוטאָן דעם מאַנטל מיטן הוט, און כהרף עין אַריינגעוואָרפן די פאַפירן אינעם ברענענדיקן אויוון.

מיין פוילישער פריינד יאַן באַיער, וואָס האָט געוווינט קעגן איבער דער געבייִדע, ווו ס׳האָט זיך געפונען די געס־טאַפּאָ, האָט איבערגעגעבן, אַז ער האָט אין יענעם פרימאָרגן פון דער רעוויזיע ביי ווײַנטרויבן געזען וויטקאָווסקין אַריינ־גיין צו דער געסטאַפּאָ. לכן נודע הדבר. ערשט איצט איז קלאָר געוואָרן מיט וועמען ווײַנטרויב האָט דאָס געהאַט דעם „כבוד” און פון וועמען ער האָט געגלייבט צו דערגרייכן אַ טובה: אַז דער אַריסטאָקראַט קאַזשיק וויטקאָווסקי איז גאָר אַ מיטאַרבעטער פון דער געסטאַפּאָ, וועלכע ער האָט געשיקט צו אים, כדי אים די רעשט צו דערשלאָגן און אַזוי אַרום אויסזייגן פונעם יידן זיין ממון און זיין דמים.

# יאַן באַיער

כ׳טראַכט שטענדיק, אַז מיין פּוילישער פריינד יאַן באַיער דאַרף פאַררעכנט ווערן צו די חסידי אומות העולם, נישט נאָר פאַר זיין מענטשלעכער באַציִונג צו מיר אין יע־נעם אָוונט מיטן מכנים־אורח זיין אַן אומבאַקאַנטן יידן מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אויך שוין נישט רעדנדיק וועגן זיינע גרויסע טובות, וואָס ער פלעגט שפּעטער טאָן פאַר מיר מיט מיין משפּחה און דאַדורך געשטעלט זיך אַליין אין סכנה — נאָר פאַר זיין ליבשאַפט און האַרציקייט ביים העלפן יידן אויף פאַרשידענע אופנים, אַ זאַך, וואָס איז ביי צענדליקער טויזנטער אַנדערע פּאָליאַקן לײידער נישט געשען. פאַרקערט, זיי פלעגן מסרן יידן און זיי איבערגעבן אין די נאַצישע הענט, נישט וויכטיק, צי דאָס איז דורך זיי געטאָן געוואָרן, כדי דער־פאַר צו באַקומען פון די היטלעריסטן אַ פלעשל בראָנפן, אַ קילאָ צוקער אָדער זאַלץ, צי סתם אַזוי, כדי זיך באַווייזן מיט זייער יידן־שׂנאה. נישט נאָר, וואָס זיי פלעגן זיך נישט „ריי־סן״ גוט אויפצונעמען ביי זיך אַ יידן, נאָר אַפילו אין אַן אָב־לאַווע, בעת מען פלעגט כאַפּן יידן צום דעפּאָרטירן, איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו קאָנען ביי עמעצן פון זיי זיך אויסבאַהאַלטן. נישט יעדער פּאָליאַק איז דאָס גרייט געווען צו טאָן, אַפילו פאַר געלט. איך האָב געהאַט גענוג געלטמיטלען דערצו, כ׳האָב אָבער נישט געהאַט וועמען אָנ־פאַרטרויען זיך מיט מיין משפּחה. אַחוץ איינצלנע פאַלן זע־נען זיי דאָך, ווי מיר ווייסן, געווען פאַראינטערעסירט קודם־כל אויסצוקוועטשן פונעם יידן דעם לעצטן גראָשן און לסוף אים איבערגעבן צו דער געסטאַפּאָ.

גאָר אַנדערש איז געווען אין זיין באַציִונג צו יידן יאַן באַיער. בלויז דאָס מסירת־נפש, וואָס ער האָט באַוויזן ביים ראַטעווען מיין עלטסטן ברודער שמואל מיט זיין פרוי און פיר קינדער נישט אַריינצופאַלן אינעם לאַדזשער געטאָ, קאָן שוין עדות זאָגן דערויף.

געווען איז דאָס אַ צוויי וואָכן פאַר דעם, ווי די נאַציס האָבן אַריינגעיאָגט אַלע יידן פון די שטעט און שטעטלעך אַרום לאָדזש אינעם דאָרטיקן געטאָ אַריין. מיין ברודער מיט זיין הויזגעזינט, וואָס האָבן געוווינט אין שטעטל זעלעוו לעבן לאָדזש, וואָלטן זיכער, ווי אַלע אַנדערע יידן, אויך געוואָרן אַהין אַריינגעוואָרפן.

מיינע עלטערן האָט דאָס נישט געלאָזט רוען. זיי האָבן געוואָלט זיין צוזאַמען מיט די קינדער אין אַזאַ שווערער צייט. פאַרשידענע וועגן און מיטלען האָבן מיר געזוכט זיי צו ברענגען קיין סאָסנאָווצע, ווו ס'איז נאָך לעת־עתה נישט געווען קיין געטאָ, און ליידער נישט געקאָנט געפינען די מעגלעכקייט דערצו.

איין מאָל זאָגט צו אונדז יאַן באַיער:

— גיט מיר אויף הוצאות און זייער אַדרעס, און איך וועל זיי אייך ברענגען אין שטוב אַריין.

— וואָס רעדסטו, יאַנעק טייערער? — ווערן מיר איבעראַשט פון זיינע רייד. — ווי אַזוי וועסטו דאָס קאָנען טאָן? דו מיינסט עס טאַקע ערנסט?

— ערנסט, ווי גאָט איז מיר ליב, גאַנץ ערנסט. פאַרלאָזט זיך אויף מיר — זאָגט ער וויטער מיט זיכערקייט — איך פייף אויף די שוואָבן, איך האָב זיי אין דר'ערד!

מיר זענען געוואָרן נשתומם פון זיין מוט און ווילן, זיך אונטערצונעמען אַדורכצופירן אַזאַ ריזיקאַליש שטיקל אַר־

בעט. גרוים איז אויך געווען אונדזער אחריות אים דאָס אָנ־צופאַרטרויען און שטעלן אין קאָן דאָס לעבן פון זעקס מענ־טשן, מחמת ער האָט מיט זיי באַדאַרפן שמוגלען צוויי גרע־נעצן: פונעם „רייך" אין „גענעראַל־גווועַרנעמענט", און פון דאָרט — צוריק אינעם „רייך" אַריין. קענענדיק שוין באַיערן אַ ביסל נענטער, אַז ער איז ווייט פון צו זיין אַ פּליטקאָפּ, אַ שוויצער אָדער אַוואַנטורניק, האָבן מיר אים געשענקט אונדזער צוטרוי און באַשלאָסן, אַז ער זאָל דאָס אויספירן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אים געגעבן אויף צידה־לדרך בריוות, אים באַגלייט מיט ברכות, ער זאָל מצליח זיין אין זיין אַחריותדיקער שליחות — און ער איז געפאָרן זיי ברענגען.

אַלץ איז דעמאָלט אַדורך בשלום און באַיער איז טאַקע אין אַ וואָך אַרום געקומען צוריק מיט אַלעמען ביז צו אונדז אין שטוב.

אַן ענלעכן מענטשלעכן טאַט האָט באַיער באַוויזן מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער. ס'פלעגן דעמאָלט אָנקומען מורא־דיקע גרוסן וועגן די יידן אינעם לאָדזשער געטאָ. יידן פלעגן דאָרט ממש אויסגיין פון הונגער, קעלט און אַנדערע פּיינען. אין יענע טעג האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיינע פעט־טערס, געוועזענע גבירים — טעקסטיל־פאַבריקאַנטן: יוסף סטריקאָווסקי, אברהם אַש און יוסף גראַנעק, וועלכע זענען, אויך פון שטעטל זעלעוו, געוואָרן פאַרטריבן אין לאָדזשער געטאָ. אינעם בריוו איז געווען אָנגעגעבן אַן ערך פון פופצן אַדרעסן מיט דער קורצער צושריפט: „טייערער הערשל, די אַלע לאָזן דיך האַרציק גריסן און זיי בעטן, זאָלסט זיך פירן ווי יוסף הצדיק אין מצרים מיט גרוים הצלחה".

די נעמען פון די יידן זענען פאַר מיר געווען אומבאַ־

קאַנט און כ׳האָב אין פלוג נישט פאַרשטאַנען דעם תוכן פו־
נעם בריוו. מיין פאָטער ע״ה האָט פותר געווען די כוונה
דערפון.

— דאָס זענען — זאָגט ער — מסתמא באַקאַנטע יידן
פון מיינע פעטערס, וועמען די גויט דערגייט די יאָרן און
זייער בקשה איז צו מיר, כ׳זאָל זיי דערין מיט עפעס העלפן.
מיט דעם רמז „יוסף הצדיק״ מיינען זיי צו זאָגן: אַזוי ווי די
השגחה האָט דעמאָלט באַשטימט, אַז יוסף הצדיק זאָל פאַר־
קויפט ווערן קיין מצרים, בכדי ער זאָל שפעטער בעת די
הונגעריאָרן דאָרט קאָנען העלפן זיינע ברידער, אַזוי, מיינען
זיי, איז אויך געשען היינט מיט אונדז, וואָס ווינען נאָך
אין סאָסנאָוועץ, כדי צו קאָנען העלפן לפחות די פאָר יידן,
וועמענס אַדרעסן זיי שיקן.

איז וואָס זשע טוט מען? וואָס שיקן? וויפל שיקן?
און ווי אַזוי שיקן? זאָגט צו אונדז באַיער: „איך וועל אייך
באַלד וועגן אַלעם אינפאָרמירן״. וכך הווה. דאָס ערשטע האָט
ער זיך דערוווּסט, אַז מיט דער באַן איז דערלויבט צו שיקן
אַהין פּאַקעטן ביז הונדערט קילאָ.

אונדזער געגנט „זאַגלעמביע דאָמבראָווסקע״ איז, ווי באַ־
וווּסט געווען געבענטשט מיט אַ סך קוילנגרובס. דאָס אַר־
טיקל איז בכן דאָרט אַפילו אין מלחמה־צייט געווען בנמצא,
בריווח און ביליק. אַזוי ווי די יידן אין לאָדזשער געטאָ פּיי־
ניקט שטאַרק אַחוץ דער הונגער אויך די קעלט, האָבן מיר
באַשלאָסן די הונדערקילאָדיקע פּעק אויסצופילן בזה האופן:
אַן ערך זיבעציק קילאָ קוילן, ביי אַ פופצן קילאָ קאַר־
טאָפל און די רעשט צו ביסלעך פון אַנדערע מאכלים, ווי
מייערן, ציבעלעס, קרויט, בעבלעך, גרויפּן און אַ ביסל קנאָבל
און פעפער. די דאָזיקע מאכלים האָט מען ביי אונדז ווי ס׳איז

נאָך געקאָנט באַקומען. (אויפן שוואַרצן מאַרק, פאַרשטייט זיך, און אויב ס'איז געווען פאַר וואָס — ווי דער פאַל איז געווען ביי מיר).

הכלל, דאָס שיקן די זעק מיט לעבנסמיטל איז אָנגעגאַנגען אַ שיינע צייט. דאָס פרייידיקסטע דערביי איז געווען צו זען, מיט סאַראַ התמדה און הנאה אָט דער יאַן באַיער פלעגט זיך מתעסק זיין ביים משלח זיין די דאָזיקע פעק. כדי נישט צו ווערן פאַרדעכטיקט ביי דער באַן־אַדמיניסטראַציע מיט די צו אָפטע עקספּעדיציעס, פלעגט ער בייטן יעדעס מאָל די באַן־סטאַנציע, פון וואַנען ער האָט זיי אַרויסגעשיקט: סאָסנאָוצע, בענדין, דאָמבראָווע, שאָפּעניץ וכדומה — און אַלץ איז געגאַנגען כשורה. ביז אין אַ טאָג האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין פעטער אברהם אַש מיט די ווערטער: „טייערער הערשל, מספּיק... דער היישעריק פאַרשלינגט די זריעה"... פון וואָס ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז ס'איז איבעריק ווייטער צו שיקן די דערמאָנטע זאַכן.

— אַ שאָד, אַ שאָד — האָט דעמאָלט באַיער אָפּגעזיפצט — אַ סך מענטשן וואָלט מען נאָך געקאָנט העלפן אין זייער נויט.

יאַן באַיערס אוהב־ישראלדיקייט האָט מען ערשט ריכטיק געקאָנט זען נאָכן טרויעריקן צוועלפטן אויגוסט, צוויי און פערציק, ווען ס'זענען דעפּאָרטירט געוואָרן פון דער שטאָט און פון דער אומגעגנט אַ סך טויזנטער יידן.

באַיער האָט זיך דעמאָלט צוגעקוקט, ווי די מאַסן יידן ווערן געטריבן צו די וואַגאָנעס, וואָס האָבן זיי געפירט צום אומקום. ער האָט אונדז דערנאָך איבערגעגעבן, ווי אַזוי מיין פאָטער הי"ד האָט גייענדיק מיט דער מאַסע געקוקט אין אַלע זייטן. ער האָט מסתמא געזוכט און געהאָפט כאָטש

פון ווייטנס צו זען וועמען פון זיינע קינדער און זיך מיט זיי געזעגענען: ער האָט ליידער אויך דאָס נישט דערגרייכט, מחמת קיינער האָט זיך נישט געטאָרט געפינען אויפן גאַס בעתן פירן די טראַנספּאָרטן יידן, מתוך סכנה נישט מיטגע־כאַפּט צו ווערן אויף דעפּאָרטאַציע. מיין הארציקער פאָטער האָט בכן נעבעך געוואָנדן זיינע אויגן צום הימל, ווי זיין טבע איז געווען אין אַן עת־צרה, צו בעטן רחמים, וואָס איז אויף ס׳ניי פון קיינעם נישט אַרויסגעוויזן געוואָרן.

וויפל שברת־לב ס׳האָט דעמאָלט פאַרשאַפט באַיערן דערציילנדיק דאָס, האָבן באַוויזן די טרערן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין זיינע אויגן ביים איבערגעבן אָט די פּרטים. עד היום זע איך נאָך זיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ בשעת מעשׂה.

— פאַרשאָלטענער שוואָבן! — האָט ער אויסגעשריגן און זיך צעוויינט.

# ניצול געוואָרן פון אוישוויץ

פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט על פּי דעם נאַצי־דין נישט געטאָרט האָבן קיין מגע־ומשׂא מיט נישט־יידן, איז דורך דער מאַכט דערלויבט געוואָרן עטלעכע קראָמען, וואַרשטאַטן, אויף צו באַדינען אויסשליסלעך יידן.

איך בין געווען צווישן די אויסדערוויילטע צו האָבן די פּריווילעגיע, ווייטער אָנצוגיין מיט מיין שטעקלאַטשן־פאַב־ריקל, וואָס איז געווען מיין מסחר ביז אַהער. אמת טאַקע, אַז כ׳האָב דאָס נישט דערגרייכט בלויז פאַר „מיינע שיינע אויגן״. דער „קולטוס־געמיינדע״ האָב איך דערפאַר געמוזט גוט מסלק זיין. ס׳האָט אָבער געלוינט, מחמת כ׳האָב אַזוי אַרום געקאָנט דערמיט באַשיצן פון צוואַנגסאַרבעט, וואָס האָט אָפט מאָל געשמעקט מיט סכנות־נפשות, נישט בלויז מיין משפחה, נאָר אויך אַ ריי פריינד און באַקאַנטע.

אַלע מיינע קונים זענען אָבער געווען נישט־יידן, וואָס האָבן זיך אַגב געניטיקט אין מיין סחורה, און איך אין זיי — אַלס אָפּנעמערס, היות ווי דאָס איז געווען פאַרווערט, האָט מען עס געמוזט טאָן שטאַרק בסוד.

איין מאָל באַקום איך אַן „איינלאַדונג״ פון דער קרימי־נאַל־פּאָליציי אויף אַ „וויזיט״ צו זיך.

מילא, די בהלה וואָס אָט די „פאַרבעטונג״ האָט דע־מאָלט אַרויסגערופן אין שטוב, איז אַ זאַך פאַר זיך. אַז כ׳האָב קיינעם נישט באַגנבעט, נישט באַשווינדלט און אַפילו נישט באַליידיקט, האָט מען געוווּסט. טאָ צוליב וואָס און פאַר וואָס רופט מען מיך אין דער קרימינאַל־פּאָליציי? נישט אַנדערש,

נאָר ס׳האָט ווער אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף מיר, און ווער ווייסט וואָס ס׳דערוואַרט מיך דערפאַר פון זיי. אָבער פאַרפאַלן, גיין מוז מען. אַ ברירה האָב איך געהאַט?

ווען כ׳בין דאָרט אַריינגעקומען, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן וועגן וואָס מען האָט מיך מטריח געווען. אויפן שרייבטיש ביי די מחבלים האָב איך דערזען מיינע אַ פּיק־טיוועַ רעכענונג, אויסגעשטעלט פאַר אַ נישט־יידישן קונה, וואָס יענער האָט לויט אונדזער אָפּמאַך געדאַרפט פאַרניכטן נאָכן קומען צו זיך אַהיים און ער האָט דאָס נישט געטאָן. דער דאָזיקער חשבון איז ווייזט אויס אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, האָט מען מיך דאָ אַהער גערופן צוליבן עובר־זיין אויפן נאַצי־געזעץ, וואָס פאַרווערט צו זיין אין האַנדלס־באַציִונגען מיט „אַריער״.

דער געדאַנק, וואָס אַזוינס ס׳קאָן דערפאַר מיט מיר געשען, האָט מיך אַזש אַ קלעם געטאָן ביים האַרצן. ווי געפינט מען דערויף עפּעס אַן איבערצייגנדיקן תירוץ, כ׳זאָל זיך קאָנען אַרויסדרייען בשלום? באותו רגע דערלאַנגט מיר דער מחבל אַ פרעג:

— ווי קומסטו צו דער פירמע „מאַכניק עט פאַל־קער״? ווי וואַגסטו מיט די דאָזיקע „ריינע אַריער״ געשעפטן צו מאַכן? אונטן שטייט שוין דער וואָגן דיך נאָך אוישוויץ צו פירן.

כ׳האָב קוים באַוויזן אַרויסצושטאַמלען עפּעס אַ וואָרט זיך צו פאַרטיידיקן, האָט זיך געעפנט די טיר און דער „שופט״ מיינער ווערט דורך עמעצן גערופן אין אַן אַנדער צימער אַריין.

דער מחבל, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער אַשמדאי אַליין, האָט אַרויסגייענדיק פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר,

מיך לאַזנדיק אײנעם אַלײן אין זײן ביוראָ איבער אַ שעה צײט.

סאַראַ רעיונות ס'האָבן זיך דעמאָלט געראַנגלט אין מײן מוח, איז נישט שװער זיך משער צו זײן. פֿראַפּקוקנדיק דורכן אָפּענעם פֿענצטער פֿונעם פֿערטן שטאָק, האָב איך אײנעם הױף טאַקע געזען שטײן די „קעטשלעך" (פּאָליצײ־װעגענער), װאָס פֿלעגן קורסירן אין שטאָט, פֿירנדיק אין זיך די „זינ־דיקע" אױף פֿאַרשיקונג קײן אױשװיץ. אָט זע איך זיך אױך שױן פֿירן אין זײ. אַ שױדער גײט מיר דערבײ אַדורך איבערן לײב בלױז דערפֿון, װאָס כ'װעל שױן קײן מאָל מער נישט זען מײנע נאָענטע. זײ װאַרטן איצט אױף מיר. יעדע מינוט קוקט זיכער בײ זײ אױס, װי אַ יאָר, און זײ װײסן גאָרנישט װאָס ס'גרײט זיך דאָ מיט מיר צו געשען. זײ װעלן אַפֿילו נישט װיסן װוּ מײן געבײן איז אַהינגעקומען.

אָבער אָט עפֿנט זיך פּלוצעם די טיר און ס'קומט האַס־טיק צוריק אַרײן דער מלאך־המוות מײנער מיט אַ געשרײ:

— װאָס מאַך איך דען אײגנטלעך מיט דיר? — גלײך װי ער װאָלט דערױף געפֿרעגט בײ מיר אַן עצה.

מיט מײן גאַנצן מוט און אױך פֿונעם באַװוּסטזײן, אַז כ'האָב שױן סײ װי נישט װאָס צו פֿאַרלירן, האָב איך זיך אָנגערופֿן צו אים בזה הלשון:

— כ'בעט טױזנט מאָל איבער אײער כבוד, הער הױפּט־מאַן. איך בין קײן פֿאַרברעכן נישט באַגאַנגען. װען יאָ, בעט איך גענאַדע.

— גענאַדע, גענאַדע! — װאָרטשעט ער איבער מײנע װערטער. װי ער װאָלט געזאָגט: פֿאַר יידן גענאַדע גאָר? װי קאָן דאָס זײן? דאָס שטימט דאָך כלל נישט מיטן נאַצי־נוסח!

מיינע ווערטער זענען קענטיק פאַרט אַריינגעדרונגען
אין זיין טריפה געוויסן און נאָך אַ קליינער פויזע איז דער
נס געשען.

— האָסטו גליק וואָס איך מוז זאָפאָרט נאָך בערלין
פאָרן — גיט ער ראַפּטעם אַ זאָג — לאָס, שנעל אַרויס!

ווי אַ וויכער בין איך כהרף־עין פאַרשוווּנדן פון זיינע
דלד־אַמות און פייל פון בויגן געלאָפן אַהיים. ביי אַלעמען
אין שטוב איז דאָס האַרץ שיִער נישט צעשפּרונגען פון אומ־
געדולד און ציטער איבער מיין גורל דאָרט. מיין מאַמע ע"ה
איז די גאַנצע צייט זינט איך בין אַוועק פון שטוב געזעסן
ביים אָנגעצונדענעם ליכט פאַר ר' מאיר בעל הנס און מיט
געשוואָלענע אויגן פון וויינען געבעטן פאַר מיר, ס'זאָל מיר
ביישטיין זיין זכות און כ'זאָל באַפרייט ווערן פון די רשעימס
הענט. דערזעענדיק מיך צוריק בשלום, האָט זי מיך אַ לענ־
גערע צייט געהאַלטן אין אירע אָרעמס און נישט געוואָלט
מיך אָפּלאָזן. מיין זיידע ר' שמשון, איר הייליקער פאָטער,
זאָגט זי, ווען האָט יענע נאַכט געזען אין חלום, האָט
דאָס געפּועלט, אַז די צוררים זאָלן נישט האָבן קיין שליטה
מיר שלעכטס צו טאָן. זי האָט דערין געגלייבט באמונה
שלימה. אַלע אין שטוב האָבן שמייכלענדיק צוגעגעבן:
„אמת, אמת"...

## דער אָנהייב פונעם סוף

מיטן דעפּאָרטירן די טראַנספּאָרטן יידן פון שטאָט און פון דער אַרומיקער געגנט, איז אונדזער מצב דאָרט געוואָרן אַלץ ערגער און ביטערער. מ'האָט בפירוש געזען, ווי דער „באו מים עד נפש" ווערט אַ יש. דער קלאָגעדיקער קיום נעמט צאַנקען ווי אַ ליכטל, וואָס וועט אָט־אָט אויסגיין. קיי־נער איז מער נישט זיכער מיטן טאָג און נאָך ווייניקער מיט דער נאַכט, מ'זאָל נישט קומען נעמען צום דעפּאָרטירן. בעתן צוזאַמענשטעלן די טראַנספּאָרטן אויף דעפּאָרטאַציע, וואָס פלעגט טייל מאָל דויערן עטלעכע טעג, האָט געלויערט די סכנה דערויף. ס'פלעגט אויף אונדז ציטערן די הויט נישט מיטגעכאַפּט צו ווערן אויב ס'וועט פעלן צום קאָנטינגענט. אַזאַ פאַל איז געווען מיט מיין ברודער לייב און זיין הויז־געזינט, וואָס זענען אין אַזאַ טאָג אַריינגענאַרט געוואָרן דורך דער יידישער פּאָליציי, כלומרשט בלויז צו קאָנטראָלירן זייע־רע פּאַפּירן. זיי זענען אָבער צוגעשטעלט געוואָרן צום טראַנ־ספּאָרט אויף דעפּאָרטאַציע. דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט דעם אָנגעזעענעם יידישן סוחר וורא̇נאַ, וועלכער האָט זיך אין יענעם טאָג צופעליק געפונען אויפן גאַס, געווען זי־כער, אַז אים מיינט מען נישט, און ער איז אויך מיטגע־שלעפּט געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט.

צו דעם אַלעם ווערט מיט אַ מאָל באַפוילן, אַז די גאַנ־צע יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט זאָל זיך אַריבערפּעקלען אין עטלעכע גאַסן אויף אַלט־סאָסנאָווצע, ווו ס'איז אויס־געקומען צו וווינען עטלעכע פאַמיליעס אין איין וווינונג, צו

מאָל אין איין צימער. די אומגעהויער שרעקלעכע באַדינ־גונגען האָבן קלאָר און דייטלעך געוויזן אויפן אָנהייב פון סוף. קיין אויסוועג האָט מען נישט געהאַט. אַרויסצוקריגן זיך פון דאָרט, איז קיין רייד נישט געווען. אויסבאַהאַלטן זיך ביי פּאָליאַקן, איז נישט פאַר יעדן געווען מעגלעך און ס׳איז אויך נישט געווען זיכער; מ׳האָט זיך וויניק געקענט שטיצן אויף זייער הילף. איז מען בכן געזעסן פאַרשלאָסן, ווי אין אַ שטייג און געוואַרט אויפן טויט, אָדער אויף אַ נס.

געוואַרט, געוואַרט, און זיך דערוואַרט אויפן גרויליקן טאָג פון צוועלפטן אויגוסט, צוויי און פערציק. אויף יענעם טאָג איז געוואָרן באַפוילן, אַז אַלע יידן פון גאַנץ זאַגלעמביע זאָלן זיך צושטעלן אויפן ספּאָרטפּלאַץ „אוניאָן". יעדער מיט זיין הויזגעזינט זאָל קומען אָנגעטאָן אינעם שענסטן וואָס מען פאַרמאָגט. אַזוי האָט פאַרלאַנגט די „קולטוס־געמיינדע", וואָס האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלץ זאָל קלאַפּן ווי ס׳גע־הער צו זיין בעתן כלומרשטן קאָנטראָלירן דאָרט די אידענ־טיפיציר־פּאַפּירן.

גרויס איז דעמאָלט געווען די פרייד פון די היטלעריסטן. זיי זענען שיִער נישט צעזעצט געוואָרן פון גדולה, זעענדיק ווי ס׳שטראָמען כסדר מאַסן יידן אויפן ריזיקן ספּאָרטפּלאַץ. ווי נאָר ס׳האָבן אויפגעהערט צו קומען מענטשן, זענען גע־וואָרן אָפּגעשלאָסן די טויערן, דער פּלאַץ אַרום איז געוואָרן באַוואַכט מיט ס. ס.־לייט און מען האָט זיך גענומען צו דער „הייליקער מלאכה".

ביי די צוגעגרייטע טישלעך זענען געזעסן די מנוּוולים פונעם „זאָנדערבאַאויפטראַגטן". יעדער פון אונדז מיט זיין בני־בית איז פאַרביי און זיי האָבן באַשטימט ווער ס׳זאָל נאָך דערוויל צוריק אַריינגעלאָזט ווערן אינעם „פייגל־שטייג"

און ווער ס'זאָל אַפילו די דאָזיקע זכיה נישט האָבן, נאָר באַלד פאַרלאָדעוועט ווערן אין די צוגן פאַר בהמות און גע־שיקט ווערן קיין אוישוויץ.

צו דער קאַטעגאָריע דערוויַיל נאָך באַפרייטע האָבן גע־הערט קליינע פאַמיליעס. דהיינו, מאַן און פרוי מיט איין קינד. דערוואַקסענע בחורים און מיידלעך זענען געוואָרן סאָר־טירט באַזונדער אויף געשיקט צו ווערן אין דייטשע אַר־בעטס־לאַגערן. אַלע אַנדערע זענען געבליבן צום דעפּאָרטירן. טאָמער איז נאָך וויַיניק געווען דער צער פון די לעבעדיקע מתים, וואָס זענען ביי טאָג ממש אָפּגעבראָטן געוואָרן פון דער זון, האָט אין אָוונט דער הימל מיט אַ מאָל געעפנט אַלע זיינע קראַנען און ס'האָט גענומען גיסן אַ רעגן, באַגלייט מיט דונערן און בליצן, גלייך ווי די וועלט וואָלט זיך גענעקט, ממש ווי ס'וואָלט געשלאָסן געוואָרן אַ טייוולאָנישער שות־פות פונעם שׂטן מיטן דייטשן משחית, אים צוצוהעלפן אומ־ברענגען דאָס ביסל יידן נאָך איידער זיי קומען קיין אוישוויץ.

צו מאָרגנס נאָכן מבול איז די עדה יידן אַריינגעטריבן געוואָרן אין די אויף דער גיך אויסגעליידיקטע הייזער פאַר דעם צוועק (אַ פּנים אויף מאַניעק מערינס אינטערווענץ). פון דאָרט האָט מען זיי געדאַרפט דעפּאָרטירן.

איך מיט מיין פרוי און קינד זענען געווען צווישן די באַפרייטע אין יענעם טאָג אויפן ספּאָרטפּלאַץ. דאָס איז אָבער פאַר אונדז ווייט נישט געווען קיין גליק. צווישן די באַשטימטע אויף דעפּאָרטאַציע האָבן זיך אויך געפונען מיינע עלטערן און מיין עלטסטער ברודער שמואל מיט זיין פרוי און פיר קינדער, וועלכע דער דערמאָנטער יאַן באַיער האָט בשעתו אַרויסגעראַטעוועט, נישט אַריינצופאַלן אינעם לאָד־זשער געטאָ און זיי געבראַכט צו אונדז אַהער קיין סאָסנאָוו־

צע. ווי געפינט מען אַ וועג זיי צו קאָנען אויך איצט אַרויס־ראַטעווען? און פון וואָס פריִער אָנהייבן? און די צייט שטייט נישט. יעדע רגע איז טייער, וואָרעם ס׳קאָן זיין צו שפּעט, זיי קאָנען בינו לבינו דעפּאָרטירט ווערן. וואָס טוט מען? צו ערשט האָב איך גענומען פּרווון ראַטעווען מיין ברודער שמואל מיט דער הילף פון „טרויהענדער" ווענדקע. ער איז געווען ביי אים באַשעפטיקט אַלס געהילף־בוכהאַל־טער, וועט אים אפשר איצט ביישטיין אָט דער זכות. ס׳איז אים טאַקע געראָטן מיין ברודער צו באַפרייען ווי אַ „נוצלע־כער יודע", אין וועלכן ער נייטיקט זיך.

פאַר מיין שוועגערין האָט מיין שכן ראַפּאַפּאָרט מיך געעצהט, און אויך אַליין צוגעהאָלפן, נאָכקאָפּירן אַ געלן לאַמפּאַס מיטן מגן־דוד, וואָס יידישע קראַנקן־שוועסטער האָבן געטראָגן כדי זיך אַזוי אַרום פריי צו באַוועגן, אַרויס און אַריין, אין די הייזער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די מאַסן צו דעפּאָרטירן. איך האָב מיין שוועגערין אַריינבאַזאָרגט דעם פאַבריצירטן לאַמפּאַס דורך מיינעם אַ באַקאַנטן יידישן פּאָ־ליציאַנט, און מיין שוועגערין איז אַזוי אַרום פון דאָרט אַרויס פריי און אַהיימגעקומען בשלום.

וואָס טוט מען ווייטער? פונעם צער פון מיין ברודער און שוועגערין איבערן גורל פון זייערע שעפעלעך, וועלכע די דייטשע חיה־רעה קאָן אָט־אָט פאַרצוקן, האָט מען ממש געקאָנט פון זינען אַראָפּ. נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת איז מיר איינגעפאַלן צו „שפּילן אויף אַ קאָרט", אפשר וועל איך געווינען.

אינעם זעלביקן הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, איז אויך זינט יאָרן געווען טעטיק אַ מוזיקשול. ביי דער פּראָפעסאָרין פון דער שול, מיט וועלכע מיר זענען געווען גוט באַפריינדט,

איז איצט געווען איינקוואַרטירט אַ דייטשער אָפיצער. פון זיין באַלקאָן אויפן הויף פלעגט ער אָפט זיך שפּילן מיט די קינדער, געוואָרפן זיי צוקערלעך. זיי האָבן אפילו געוווּסט, אַז דער אָפיצער הייסט היינצע.

היות ער איז געווען — לויט די מעדאַלן, וואָס ער האָט געטראָגן — אַ מיליטער־מאַן פון אַ הויכער ראַנג, וועט זיין וואָרט אפשר האָבן אַן איינפלוס אויף די „יידן־כאַפּער", יענע זאָלן די קינדער פון דאָרט באַפרייען. פאָרט אַ שישקע. איז נישט אַנדערש, נאָר איך דאַרף אים בעטן, ער זאָל זיין זייער גואל. כ'האָב זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן מיין געוואַגטקייט אין דאָס פאַרצולייגן. גרויס איז געווען מיין הארץ־קלאַפּעניש בעתן בעטן מיין שכנה מיך פאַרצושטעלן פאַר איר קוואַרטיראַנט. עפּעס אַ שפּילעכל? אַ ייד זאָל וואַגן צו בעטן ביי אַ דייטשן אָפיצער צו ראַטעווען יידישע קינדער? קיין אַנדערן אויסוועג האָב איך נישט געזען ווי איינשטעלן אַלץ: אָדער כ'וועל דערמיט געווינען דאָס לעבן פון די פיר קינדער, אָדער אויך פאַרשפּילן מיין לעבן, וואָס האָט סיי ווי שוין נישט געהאַט קיין גרויסן ווערט, בפרט נאָכן דעפּאָרטירן מיין ברודער לייב מיט זיין גאַנץ הויזגעזינט, וואָס האָט שוין ביי אונדז צוגענומען דעם חשק צום לעבן. כ'בין געווען מוכן ומזומן אַפילו אויף דאָס ערגסטע וואָס קאָן מיט מיר געשען אין יענעם טאָג ביים אָפיצער היינצע.

מיין ברודער שמואל, דער טאַטע פון די פיר געפאַנגענע קינדער, האָט אויך מיך געפּרוּווט שטאַרקן מיטן כלל פון די חז"ל „שליחי מצווה אין ניזוקין" (די וואָס באַמיִען זיך אין אַ מצווה־ענין ווערן נישט געשעדיקט). און ווי קאָן דען נאָך זיין אַ גרעסערע מצווה, זאָגט ער, ווי ס'איז דער פּיקוח־נפש

פון פיר נפשות. דאָס איז דאָך אַפילו דוחה שבת שבתון. בפרט נאָך, אַז דאָס איז אייגן בלוט און פלייש.

דער אָפּיצער האָט געקוקט אויף מיין צעשראָקן פנים. אַ ווײַלע האָט ער באַטראַכט מיין בקשה און געטאָן מיך אַ פרעג: „וואָס מאַכן זיי דען דאָרט? ווי קומען זיי דען אייגנט־לעך דאָרט אַהין”? דערקלער איך אים נאָך אַ מאָל שוין מער דייטלעכער און רויִקער דעם ענין, און בעט אים, אַז דאָס מוז געטאָן ווערן ווי צום גיכסטן, אַנדערש, קאָן שוין זיין צו שפּעט. דערהער איך פון אים: „גוט. מאָרגן פרי גיי איך דאָרט אַהין”.

זיין תשובה איז שוין געווען פאַר אונדז אַ ישועה און אַ פאַרלייכטערונג פאַרן געמיט. איך האָב באַלד ווידער אויסגענוצט מיין באַקאַנטשאַפט מיטן יידישן פּאָליציאַנט און אים דערציילט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און אים געבעטן ער זאָל תיכף דאָרט אויפזוכן די קינדערלעך און זיי אָנזאָגן, אַז מאָרגן פרי זאָלן זיי למען־השם די גאַנצע צייט זיך גע־פינען ביים אַריינגאַנג פונעם טויער, נישט אַוועקרירן זיך פונעם אָרט, ביז וואַנען זיי וועלן דאָרט דערזען דעם אָפּיצער היינצע, וועלכער וועט זיי קומען פון דאָרט אַרויסנעמען.

פון גרויס שפּאַנונג איז קיינער פון אונדז אין יענער נאַכט נישט געשלאָפן. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן פרימאָרגן. צי וועט דער אָפּיצער היינצע האַלטן וואָרט און מקיים זיין דעם צוזאָג? מיר האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט פאַרגעסן דערין, אָדער זיך מאַכן פאַרגעסן.

ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד ווען צו מאָרגנס, צען אַזייגער אין דער פרי, האָבן מיר דערזען דעם אָפּיצער היינצע, אָנגעטאָן אין זיינע בגדי־מלכות־היטלער, שפּאַנען איי־ליק צום אָרט, ווו ס'זענען געווען פאַרשפּאַרט די קינדערלעך.

ווי נאָר זיי האָבן אים דאָרט דערזען אַריינקומען דורכן טויער, האָבן זיי זיך נעבעך יאָמערלעך צעוויינט. דאָ גיט דער אָפּיצער אַ געשריי: „וואָס מאַכט איר דען היער? לאָס שנעל אַרויס פון דאַנען! שנעלער אַהיים״!

די טויערן האָבן זיך טאַקע באַלד אַן עפן געטאָן פאַר די קינדערלעך — און אָט זענען זיי שוין בשלום צוריק אין שטוב.

הגם כ׳וויים נישט צי מען מעג דאָס פאַררעכענען לז־כות פון אַ דייטשן אָפּיצער, מחמת סוף כל סוף זענען די קינדער סיי ווי דערנאָך אומגעקומען דורך דייטשע פאַרברע־כערישע הענט, האָט אָבער שוין דער בלויזער זאַג פונעם אָפּיצער „מאָרגן פרי גיי איך דאָרט אַהין״ אונדז מחיה־נפ־שות געווען און זיין טאַט האָט אויך פאַרלענגערט אויף נאָך אַ יאָר די קינדערס לעבן. מיינע עלטערן האָבן דערויף נישט געהאַט די זכיה, מחמת איידער וואָס ווען, זענען זיי געוואָרן דעפּאָרטירט.

אַ זייער וווייטיקלעכער קוריאָז איז דעמאָלט געשען מיט מיין מאַמען.

אינעם קעלער פון הויז, ווו זי איז געווען געפאַנגען, האָט זי זיך געהאַט באַהאַלטן אין אַ ווינקל און זיך פאַרדעקט מיט שמאַטעס. זי וואָלט אפשר באַוויזן ניצול ווערן פון יענעם מבול און אַ שטיקל צייט נאָך צו בלייבן לעבן. נישט הערנדיק מער דאָס גערודער און דעם טומל פון די מענטשן, האָט זי געמיינט, אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעם, און זי איז פון דאָרט אַרויס אַ ביסל צו פרי. ס׳האָט איר דאָרט באַמערקט אַן ס. ס.־מאַן און ער האָט זי מיט „איידלקייט״ צוגעפירט צום טראַנספּאָרט יידן, וואָס זענען שוין געווען פאַרלאַדעוועט אויף דעפּאָרטאַציע. דאָס האָב איך זיך דערוווּסט פון מיין

באקאנטן פּאָליציאַנט, וועמען מיין מאַמע האָט דאָס איבער־געגעבן, בעת דער היטלעריסט האָט זי געפירט צו די וואַגאָנעס.

אויסצומיידן די פולאַפּקע פון יענעם טאָג אינעם דער־מאָנטן ספּאָרטפּלאַץ האָט באַוויזן דער יידישער לעדער־סוחר פון סאָסנאָווצע, מענדל העניעק.

געווען איז ער שוין אפילו אַ ייד אין די יאָרן, אַ זקן, אָבער ער האָט נאָך פאַרמאָגט אַ קלאָרן שׂכל. אין די פריִער־דיקע יאָרן פלעגט ער געבן מענטשן פּראַקטישע עצות, אָפט מאָל געווען אַ בורר ביי אַ דין־תורה, ער פלעגט ליב האָבן צו זאָגן גלייכווערטלעך — מיט איין וואָרט אַ ייד אַ חכם. זיין חכמה האָט ער טאַקע באַוויזן אין יענעם טרויעריקן טאָג, אין וועלכן ס׳איז געווען דער באַפעל פאַר קינד און קייט, יונג און אַלט, קומען אויף יענעם ספּאָרטפּלאַץ, וווּהין ער האָט זיך דווקא נישט צוגעשטעלט. מען האָט זיך דאָס פון אים דערוווּסט אַ פּאָר טעג נאָך דער שחיטה ווען ער איז געבליבן כמעט דער איינציקער זקן אין שטאָט.

אויף אונדזער חידושן זיך, ווי אַזוי ער איז געווען בי־כולת אין זיין עלטער זיך אַרויסצודרייען פון די רוצחימס הענט, האָט ער געענטפערט:

— גאַנץ פּשוט. כ׳האָב זיי געהערט ווי דעם קאָטער. וואָס דאַרף איך אַ ספּאָרטפּלאַץ? כ׳בין קיין מאָל נישט גע־גאַנגען אויף קיין ספּאָרטפּלאַץ, זאָל איך דאָס טאָן היינט, אויף מיינע אַלטע יאָרן? איי, וואָס מאָניעקל הייסט? זאָל ער הייסן, זאָל ער גיין אויף אַלע פיר, אַפילו אויפן קאָפּ, אויב ער האָט חשק. וועמען אַרט עס? און אויב די דייטשן דאַרפן מיך אַזוי נייטיק האָבן, מילא, ווייסן זיי ווו איך וווין. זאָלן זיי

קומען נאָך מיר. איך דאַרף דאָך זיי אויף תשעה ניינציק כפּרות. זאָל איך גאָר נאָך גיין צו זיי? ניין, נישט געטראָפן ס׳קאַנטאַר.

גאָלדענע ווערטער, ר׳ מענדל. הלוואי וואָלטן אַ סך יידן אַזוי געטראַכט און נישט געלאָפן דעם וואָלף אין האַלדז אַריין.

ענלעכס האָט מען אויך דערציילט וועגן דעם קלוגן חסי־דישן ייד מאָטל זניימעראָווסקי, אַ באַקאַנטע פיגור אין שטאָט צוליב זיין פּרנסה, וואָס ער פלעגט ציִען פון מעקלעריי. ער איז ממש געווען אַ גאון בחכמתו. טאַקע ווי מען זאָגט: אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. מיט זיין כוח־הדיבור, וואָס האָט אים אָגב גענוצט צו דער פּרנסה, האָט ער געקאָנט איבעררעדן אַפילו אַ וואַנט. נישט, חלילה, יענעם אָפּצונאַרן, נאָר אויף אַן ערלעכן אופן, כדי צו פאַרדינען זיין ברויט.

זיין האַלטן זיך ווי אַ שטאָלצער ייד איז געווען צו באַ־וווּנדערן בעת דער היטלער־תקופה. ער האָט זיין באָרד גע־טראָגן ווי אַ צירונג און בקיין פאַל האָט ער נישט געוואָלט הערן די עצה זי אָפּצושערן, אָדער לפּחות אַרומפּוצן, כדי ער זאָל זיך נישט וואַרפן אַזוי בולט אין די שׂונאימס אויגן.

— ס׳וועט סיי ווי נישט העלפן — פלעגט ער דערויף ענטפערן — זיי מיינען דען בלויז די באָרד? אַזוי צי אַזוי, מיט אַ באָרד צי אָן אַ באָרד, זענען מיר אַלץ איינס אַלע אין פעקל, טאָ לאָמיר כאָטש שטאַרבן בצלמו ובדמותו.

ווי לאַנג מענדל העניעק און מאָטל זניימיראָווסקי האָבן נאָך באַוויזן מיט זייערע קלוגע מוחות צו בלייבן לעבן, ווייס איך נישט. זיכער האָבן זיי שפּעטער געטיילט דעם גורל פון אַלע אַנדערע יידן.

# בונקערס

קורץ נאָך יענעם גרויליקן טאָג פון צוועלפטן אויגוסט צוויי און פערציק, ווען דער גרעסטער טייל יידן זענען דע־פּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ, איז פאַר די פאַרבליבענע באַשטימט געוואָרן דאָס געטאָ שראָדולאַ. דאָרט איז מען שוין אויף אַן אמת געווען פאַרשפּאַרט ווי אין אַ שטייג, אָדער אין אַן אַזערע, ווו ס'האָדעוועט זיך פיש, מיט וועלכע זייער באַלעבאָס קאָן צו יעדער צייט טאָן וואָס ער וויל.

די זעלביקע מעטאָדן, וואָס די היטלעריסטן פלעגן באַ־נוצן אין אַלע אַנדערע געטאָס, האָבן זיי אויך גענומען אָנ־ווענדן לגבי אונדז. טאָג־איין טאָג־אויס האָט מען אונדז גע־פירט באַוואַכט מיט פּאָליציי אַהין און צוריק אויף פאַר־שידענע אַרבעטן אין שטאָט. דער „שׂכר" דערפאַר איז באַ־שטאַנען דערין, אַז ביים אַריינגיין צוריק אין געטאָ פלעגט מען אונדז בודק־זיין, און פאַרן געפינען ביי עמעצן עפּעס פון מאכלים וכדומה, איז אַזאַ איינער געווען חייב מיתה. דאָס דערהאַלטן ס'חיות מיט אַ ביסל עסנוואַרג, וואָס מ'האָט געקאָנט גיכער איינשאַפן זיך אויסערן געטאָ, איז אָבער גע־ווען שטאַרקער פון טויט. עולם האָט זיך בכן נישט שטאַרק גערעכנט מיט דער סכנה און ווי ווייט מעגלעך ווייטער אָנ־געגאַנגען דערמיט.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אונדזער מושל, מאָניעק מערין, איז מיט זיין ברודער חיים, פּלוצעם נעלם געוואָרן. נישטאָ מער קיין צייכן פון זיי. פאַרפאַלן גע־וואָרן, ווי אין וואַסער אַריין.

געגוי וואָס אַזוינס ס'האָט געקאָנט געשען מיט זייער פאַרשווונדן ווערן, האָט מען נישט געוווּסט. טייל האָבן דאָס געפרוּווט אויסטייטשן, אַז פאַר זייערע „מעשׂים טובים" האָבן מסתמא די היטלער־לייט זיי אָפּגעדינט און משלח־געווען ער־געץ קיין אויסלאַנד, כּדי זיי זאָלן דאָרט איבערלעבן די מל־חמה. אַנדערע, מער קלאָרזעעוודיקע, האָבן דערין געזען אַ רמז אויף אַ גרויסער גזרה, וואָס גרייט זיך פאַר אונדז. זיי האָבן דאָס באַרעכטיקט מיטן מאָטיוו, אַז היות ווי די היט־לעריסטן קאָנען שוין פון מאַניעקן קיין גרויסע זיבן זאַכן סיי ווי נישט מער געניסן, וואָרעם פון די יידן איז שוין געוואָרן אַלץ אויסגעזאָגט, זייער גאַנץ האָב און גוטס און אַלץ מיט אַנאַנדער, איז שוין די העכסטע צייט פּטור צו ווערן פון מאַ־ניעקן, און זיך אַ נעם טאָן צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ.

אַזוי צי אַזוי —ביידע ווערסיעס האָבן נישט געוויזן קיין גוטן סימן פאַר אונדז. ס'איז דעריבער נאָך שטאַרקער געוואָרן דער פּחד איבערן גורל און מען האָט געזוכט תּח־בולות, ווי אַזוי נישט אַריינצופאַלן אין דער נעץ, אין וועל־כער די נאַצים גרייטן זיך אונדז צו פאַנגען. מען האָט זיך גענומען גרייטן באַהעלטענישן, בונקערס, פאַר אַ שוצאָרט אין פאַל פון אַן אָבלאַווע.

ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ נאַכט־שמירה לענג־אויס דער געטאָ־גרענעץ. איר אויפגאַבע איז געווען צו וואַכן און אָבסערווירן אויב ס'באַווייזט זיך נישט קיין ליכט אין דער פּאָליציי־קאָמענדאַנטור, וואָס מען האָט געקאָנט באַמערקן פון וווייטנס. דאָס וועט זיין דער סימן, אַז זיי גרייטן זיך אונדז צו באַפאַלן. אין אַזאַ פאַל דאַרף די נאַכט־שמירה תּיכּף אונדז געבן אַ סיגנאַל, מען זאָל זיך באַהאַלטן אין די בונקערס.

בונקערס זענען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע — „איש לפי יכולתו״. יעדער האָט עס געטאָן לויט זיינע מעגלעכקייטן און באַדינגונגען. דהיינו, פאַרמויערטע אָדער פאַרשטעלטע ווענט, גריבער, היילן וכדומה.

מיר מיט נאָך אַ יידישע פאַמיליע, די האָלענדערס פון כזשאַנאָוו, איז באַשערט געווען דורך אַ צופאַל בשותפות אָפּצוקויפן ביי אַ פּאָליאַק פון שראָדולאַ זיין הייזקע, נאָך איידער דאָס געטאָ איז דאָרט געוואָרן טעטיק; דער פּאָליאַק וואָלט שפּעטער דאָס געמוזט פאַרלאָזן בחינם (די „קולטוס-געמיינדע״ האָט וואָס אַן אמת אונדז דערויף געגעבן איר הסכם).

אין אָט דער הייזקע האָבן מיר איינגעאָרדנט אונדזערע בונקערס אויף אַזאַ אופן: אין דער וווינונג פון דער משפחה האָלענדער איז דער קעלער, וואָס האָט פאַרנומען די גרויס פון דער גאַנצער וווינונג, געוואָרן אָפּגעטיילט מיט אַ פאַר-מויערטער וואַנט ביז איבערן אָרט, ווו ס׳האָט זיך געפונען די קיך. פונעם קיכאַויוון האָט מען אויסגעהאַקט אַ לאָך, כדי צו קאָנען אריינשטעלן אַ לייטערל אויף אַראָפּצוגיין אין אָפּ-געמויערטן קעלערשטיבל. דער לעצטער, וואָס וועט אַראָפּגיין, וועט דאַרפן פאַררוקן הינטער זיך די אייזערנע קיכפּלאַטע, אויף וועלכער ס׳וועלן זיך געפינען טעפּ מיט וואַרעם וואַסער, ווי אַ נאָרמאַלע זאַך אויף אַ קיך. אַריינקומענדיק דורך דער דרויסיקער טיר אין קעלער אַריין, האָט קיינעם נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז דער קעלער איז טאָפּלט גרויס און איז אָפּגע-טיילט מיט אַ ווענטל, אַזוי ענלעך איז דאָס ווענטל געווען צו די אַרומיקע ווענט אינעם קעלער.

אין מיין וווינונג, ווידער, איז אינעם פאָדערהייזל אין אַ ווינקל געווען אַ קליין צודעקטירל אויף אַראָפּצוגיין אין

קעלער פון מײן װױנונג. קײן אַנדערער סימן, אַז די װױנונג באַזיצט אַ קעלער, איז כּלל נישט געװען צו באַמערקן.

אויף צו קאַמופלירן דאָס טירל, האָט מען צוגעגרייט אַ צענדליק זעק מיט שטיינקוילן, וואָס מ׳האָט ביי אונדז לייכט באַקומען, כּדי אין פאַל פון אַן אַלאַרם, אַז מיר וועלן זיך באַהאַלטן אין די בונקערס, זאָל איינער נאָך אונדזער אַראָפּלאָזן זיך אין קעלער פאַרשיטן דאָס טירל מיט די זעק שטיינקוילן און פאַרשליסן מיט אַ גרויס שלאָס די טיר פון דרויסן, ווי אַ סימן, אַז מיר זענען נישטאָ אין שטוב. דערנאָך זאָל ער אַריין צו די האַלענדערס, זיך אַראָפּלאָזן דורכן קיכ-אויוון אין קעלער אַריין און הינטער זיך, ווי שוין געזאָגט, פאַררוקן די קיכפּלאַטע.

געווען זענען מיר דאָרט פיר פאַמיליעס. מיר האָבן זיך איינגעטיילט לויט דער צאָל מענטשן איןביידע בונקערס גלייך.

נאָכן מאַכן עטלעכע פּראָבעס צו זען ווי ס׳וועט געשען אין פאַל ווען מען וועט זיך דאַרפן באַנוצן מיט די באַהעל-טעניש, און אַלץ האָט ווי געהעריק געקלאַפּט — האָבן מיר זיך געפרייט פון דעם גוטן איינפאַל און קלוגן אויפטו ביים בויען אונדזערע בונקערס. מיר זענען כּמעט געווען זיכער, אַז מיר וועלן קאָנען אין זיי זיך באַשיצן. דאָס זעלביקע איז מסתּמא אויך געשען מיט אַנדערע ייִדן, וואָס האָבן איינגע-אָרדנט זייערע רעטונגס-ערטער אויף זייער אופן. בכלל, איז יעדער איינער אַליין געווען דער אַרכיטעקט אויסצוקלערן און געפינען דעם געהעריקן פּלאַן פאַר זיין באַהעלטעניש. דאָס איז פון יעדן געטאָן געוואָרן בסוד־סודות, אַז די לייט פון דעם „קולטוס-געמיינדע״ אָדער די ייִדישע פּאָליציי זאָלן

דערפון נישט וויסן. אַנדערש, וואָלט דאָס קיין ווערט נישט געהאַט.

געשען איז אָבער ליידער דאָס, וואָס ס׳איז געשען, און נישט אַזוי, ווי מיר האָבן געגלייבט און געהאָפט. די בונקערס אונדזערע האָבן צום באַדויערן קיין גרויסע פּעולה נישט געהאַט. מילא, פון די אָפט בחינמדיקע אַלאַרמען איז מען אָפּגעקומען בלויז מיט אַ ביסל שרעק און מאַטערניש. ערגער איז אָבער געווען מיט דעם אַלאַרמרוף פון ערשטן אויגוסט, דריי און פערציק. אין דער נאַכט פון תשעה-באָב. דעמאָלט איז עס מער נישט אָפּגערופן געוואָרן, ווי אין די פריערדיקע מאָל, און די סכנה האָט געלויערט.

שלעכט און ביטער איז געוואָרן אויפן האַרצן. הייסט עס, אַז דאָס מאָל איז עס אמת. איצטער וועט זיכער עפּעס יאָ געשען מיט אונדז. אין מיין בונקער זענען אַלע איינגעשלאָפן, אפשר מיטן בטחון, אַז אויך דאָס מאָל וועט עס נאָר אויסגיין צו אַ ביסל שרעק. איך איינער בין געווען וואַך, ווי די אינטויִציע וואָלט מיר פאָרויסגעזאָגט, אַז מיר וועלן געשטעלט ווערן צום טויט-נסיון אין דער דאָזיקער שווידערלעכער נאַכט.

אַ צעטראָגענער, פול מיט פּחדדיקער האַרץ-קלאַפּעניש, האָב איך זיך אָנגעשטרענגט נאָכצופאָלגן און דערהערן, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. יעדע מינוט האָב איך געהאָפט, אַז מיין שוועגעריין, וואָס האָט די ערשטע געדאַרפט אַרויס פון שכנותדיקן בונקער, וועט געבן אירע דריי קלעפּ — דעם אָפּגעשמועסטן סימן, אַז אַלץ איז שוין פאַרביי; זי וועט דערנאָך, ווי תמיד, אַוועקשאַרן, די קוילן פונעם טירל און מיר וועלן צוריק אַרויס פון קעלער. אַנשטאָט דעם האָב איך אַרום

פינף אַזייגער באַגינען דערהערט אַ הילכיקן שאָס. דאָס איז געווען אַ צייכן פאַר די ס. ס.־לייט, אַז די „אַקציע״ דאַרף זיך אָנהייבן.

אַזוי איז טאַקע געשען. שוין הער איך אָנקומען די ס. ס.־חיילות מיט זייערע משרתים און ווי זיי שרייען: „אַלעס אַרויס״! אָט דערגייען שוין צו מיר די געוויינען פון קינדער און דערוואַקסענע, וועלכע די היטלעריסטן האָבן גלייך און לייכט געפאַנגען, קענטיק דערפאַר, מחמת ס׳זענען געווען מערערע מאָל אַזוי צו זאָגן פאַלשע אַלאַרמען, האָבן זיי דעריבער דאָס מאָל דעם אַלאַרמרוף נישט גענומען ערנסט און זיך נישט אויסבאַהאַלטן. און אָט זענען שוין די נשמה־כאַפּער דאָ ביי מיין טיר אויך. איך הער, ווי זיי האַקן אַראָפּ דאָס שלאָס, ברעכן אויף די טיר און פּראַלן אַריין אין שטוב. זיי טופּען, געוואַלדעווען, האַקן, בראָקן און נישטערן אין שטוב. פון גרויס שפּאַנונג האָט ביי מיר געזעצט דאָס האַרץ אין לשער. זייענדיק פאָרט אַ ביסל זיכער מיט מיין באַהעל־טעניש, טראַכט איך מיר: זאָלן זיי בילן, זאָלן זיי האַקן. וועמען אַרט עס? זיי וועלן סוף כל סוף מיד ווערן און גיין צו אַלדע שוואַרצע יאָר. נאָך אַ פּאָר מינוט רעווען און ברייען, זענען זיי טאַקע אַוועק און איך האָב אַ ווײַלע אָפּ־געאָטעמט.

מיין נחמה האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. באַלד זענען זיי צוריק געקומען מיט לאָפּאַטעס און גענומען אָפּ־וואַרפן די קוילן פונעם ווינקל. מיין איינציקע האָפענונג, אַז אפשר וועלן זיי פאָרט נישט וועלן זיך אַזוי פיל מטריח זיין אַוועקצושאַרן די גאַנצע קופּע קוילן ביז צום דערגרייכן דאָס טירל פונעם קעלער, האָט מיך צום באַדויערן אַנטוישט; אַ פּנים, אַז מיין בונקער איז געוואָרן אָנגעוויזן פון זייערע

מיטהעלפער. אַזוי צי אַנדערש, איך הער אַלץ דייטלעכער דאָס דערנענטערן זיך פון די לאַפּאַטעס צום דעקל פון קע־לער, וואָס איז אויך פון אינעווייניק געווען פעסט פאַרריגלט. ענדלעך האָבן זיי דאָס אַנטדעקט. זיי נעמען רייסן, טופּען מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן און ריטשען ווי די ווילדע חזירים: „אויפמאַכן, אויפמאַכן, שנעלער אַרויס! זאָנסט וועט איר אַלע דערשאָסן ווי די הינט"!

ס׳באַגיסט מיך אַ קאַלטער שווייס. וואָס טאָן? עפענען דאָס טירל, צי נישט? דער שׂכל הישר דיקטירט מיר יאָ אויפצומאַכן, מחמת זיי וועלן אונדז סיי ווי בייקומען און דערפאַר אונדז נאָך אויסקוילענען אינעם בונקער. דאַקעגן פאַר אַ לעבעדיקן מענטשן איז נאָך אפשר פאַראַן אַ פונק בטחון. קיין סך צייט אויף אַ ישוב־הדעת איז נישטאָ. יעדע רגע קאָן שטעלן אין סכנה אונדזערע לעבנס. איך האָב באַ־שלאָסן אויפצומאַכן און זיך אונטערגעבן. איך האָב זיך גע־בעטן ביי די רוצחים זיי זאָלן נישט שיסן מיט די געצילע־וועטע לופעס פון זייערע ביקסן צום בונקער, און מיר זענען אַרויסגעקראָכן פון דאָרט.

יענער תשעה־באָב־פרימאָרגן וועט קיין מאָל נישט אַרויס פון מיין זכרון. יענע שווידערלעכע בילדער שטייען מיר תמיד פאַר די אויגן. פון גרויס איילעניש און צעטומלטקייט האָט מען אין בונקער נישט באַוויזן זיך רעכט אָנצוטאָן. מיין פרוי איז פון דאָרט אַרויס אין איר דינעם שלאָפראָק, און נאָך צו אַלע צרות בשעת מעשׂה זיך פאַרטשעפּעט אין עפּעס און מיטגעריסן אַ שטיק פון אים. מיין אומפאַרגעסלעכער אַכט־יאָריקער בן־יחיד, שימעק, וועמען כ׳האָב צום שלאָפנגיין אינעם בונקער אויסגעטאָן זיינע שיכלעך, האָט זיי מער נישט אָנגעטאָן צוריק און ער איז פון דאָרט אַרויס באָרוועס.

דערצו נאָך האָט דער שטויב פון די קוילן ביים אַרויסקריכן פונעם בונקער, פאַרריסט אַלעמען די פּנימער און צוגעגעבן אַ שרעקלעכן אויסזען. דאָס אַלץ צוזאַמען, געמישט מיט דער האַווקעריי פון ס. ס., וואָס האָט אַלעמען געיאָגט צו די וואַגאָנעס, האָט געשאַפן אַ קטב־מרירי, וואָס איז שווער איבערצוגעבן.

## אויפן וועג קיין אוישוויץ

דער העל-בלויער הימל מיט דער אויפגייענדיקער זון האָבן נישט באַוויזן צו פאַרטרייבן די שוואַרצע כמאַרעס פאַר אונדזערע אויגן בעתן פירן אונדז צו די וואַגאָנעס, אין יענעם תשעה-באָבדיקן פרימאָרגן פון ערשטן אויגוסט, דריי און פערציק. אונדזער פאַרגעפיל, אַז מען פירט אונדז צו דער שחיטה-שטאָט אוישוויץ, האָט פאַרפינצטערט דעם וועג, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסע שוואַרצע עגלה, וואָס פירט אַן עדה יידן אויף זייער לעצטן וועג.

דאָס פאַרגעפיל האָט זיך נאָך מער באַרעכטיקט דערמיט, וואָס פון די אַלע יידן, וואָס זענען פריִער געוואָרן דעפאָרטירט, איז צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין פונק פון אַ לעבנסצייכן.

דאָס ערגסטע, פון וואָס די הערצער האָבן געבלוטיקט ביי מיר און מיין פרוי, איז דעמאָלט געווען, בעת מיר האָבן געקוקט אויפן קינד, פאַר וועלכן מיר זענען תמיד גרייט געווען צו באַצאָלן מיט אונדזער לעבן, אַבי אים זאָל גאָרנישט געשען.

ווען מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז ווו ס׳האָט געוווינט דער קינדער-דאָקטער ליבערמאַן, איז מיר איינגעפאַלן, אַז מיר זאָלן צו אים אַריינשיקן אונדזער קינד און ס׳זאָל דאָרט ביי אים בלייבן. מיר האָבן נאָך געגלייבט, אַז דאָקטוירים וועלן זיין פריווילעגירט דערוויל נישט דעפאָרטירט צו ווערן. אפשר וועט אונדז אָפגליקן אַזוי־ערנאָך כאָטש דאָס קינד אָפּצוראַטעווען. מיר האָבן דאָס שטילערהייט גע־

זאָגט דעם קינד און ער האָט אונדז געפֿאָלגט און אַריינגע־גאַנגען.

אין אַ ווײַלע שפּעטער דערזעען מיר, ווי דאָס קינד זוכט אונדז ווייענדיק ביי די וואַגאָנעס צווישן דער מאַסע יידן. מיר האָבן אים אײַנגענומען און געוואָלט פֿון אים הערן פֿאַר וואָס ער איז נישט פֿאַרבליבן ביים דאָקטער (דער דאָקטער ליבערמאַן האָט דאָס קינד גוט געקענט און איז געווען אַן אָפֿטער יוצא־ונכנס אין אונדזער הויז).

די טיר איז ביים דאָקטער געווען פֿאַרשלאָסן — דער־ציילט דאָס קינד — און ער האָט זיך דאָרט אין הויף באַהאַלטן אין אַ שטאַל. ווען ס׳זענען דאָרט אַריין די ס.ס. און געשריגן: „אַלעם אַרויס״! האָט ער מורא באַקומען און איז אויך אַרויס. אָבער ער האָט געהערט, אַז די קינדער נעמען די דייטשן צו אַרבעטן ביים פֿאַרפּאַקן שוועבעלעך אין די שאַכטלעך, וועט ער דאָך דאָס אויך קאָנען טאָן (ער האָט זיך מסתמא צוגעהערט צו אונדזערע עצבותדיקע שמועסן וועגן זיין גורל, האָט ער אַ פּנים דערמיט אונדז געוואָלט באַרויִקן).

מיט אַ ביטערן שמייכל האָבן מיר אויפֿגענומען דעם קינדס טרייסטווערטער, וואָס איז גרייט, ביי זיין אַכטיאָריקן עלטער, צו אַרבעטן פֿאַר די דייטשן, כדי צו קאָנען ראַטעווען זיין לעבן. אינעם האַרצן האָבן מיר זיך געווונטשן און גע־בעטן: הלוואַי זאָל עס זיין אמת און ס׳זאָל מקוים ווערן דעם קינדס פֿאַנטאַזיע.

אָרעם קינד! האָסט נישט געוווּסט, אַז דאָס איז דיין לעצטע קינדישע אילוזיע, אַז ס׳איז היינט דער לעצטער טאָג פֿון דיין יונג לעבן, אַז דו מיט דיין טייערער מאַמע און נאָך אַזוינע טויזנטער יידישע לעבנס, וועלן אין געציילטע שעהען שפּעטער, דורך אָט די דייטשן, ביי וועלכע דו טראַכסט צו

אַרבעטן, דערשטיקט ווערן פון גאַז און דערנאָך פאַרברענט ווערן אויף אַש, בלויז פאַרן איינציקן „פאַרברעכן" וואָס דו ביסט געבוירן אַ ייד. — — — —

מיטאָגצייט ווערן מיר פאַרלאַדעוועט אין די וואַגאָנעס, אין וועלכע מען פלעגט פירן בהמות, מיר ווערן אָבער אין זיי נישט אַריינגעסדרט, לפּחות ווי יענע באַשעפעניש, נאָר אַריינ־געפּרעסט, ווי די הערינג אין אַ פעסל.

די זון האָט אין יענעם תשעה־באָב־טאָג באַוויזן איר גאַנצע מאַכט און אָנגעגליט די וואַגאָנעס אַזוי, אַז ס'איז נישט געווען צום אויסהאַלטן פון דער היץ און פון דורשט.

הגם דער מרחק פון אונדז ביז אוישוויץ איז בסך הכל געווען אַ וואָסערע דרייסיק קילאָמעטער, האָט די „נסיעה" זיך געצויגן און געצויגן, געדויערט אָן אַ סוף. די סאַדיסטן האָבן געהאַט אַ באַזונדערע הנאה אונדז צו שלעפּן אין די פאַר־העמערטע וואַגאָנעס דעם גאַנצן טאָג.

אינעם וואַגאָן האָט מיין פרוי, ווי די טבע איז ביי אַ מאַמע, צו זיך צוגעטוליעט דאָס קינד, אויף וועמענס קעפּל ס'זענען אַלע ווײַלע געפאַלן אירע ביטערע טרערן. דאָס קינד האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דער מאַמעס טרערן. ער האָט זי געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג פאַר וואָס זי וויינט, און גע־בעטן זיך ביי איר, זי זאָל אויפהערן וויינען. נישט וועלנדיק מער מצער זיין דעם קינד, וואָס האָט נעבעך נישט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס איז דער לעצטער וועג, האָט זי אָט די טרערן געמוזט אין זיך דערשטיקן.

פאַר נאַכט דערהערט מען אַ שטאַרקן פייף פון לאָקאָ־מאָטיוו: אַ פנים, מיר דערנענטערן זיך צו אוישוויץ. דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך פון די וואַגאָנעס האָט מען

געזען מענטשן אין געשטרייפטע מלבושים, וואָס באַוועגן זיך, ווי די שאָטנס, ביי זייער אַרבעט. דאָס האָט אונדז אַגב עט־וואָס גענומען בארויִקן, אַז אפשר איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען האָט געטראַכט: אויב ס׳גייט בלויז אין דעם, וואָס מיר וועלן מוזן אַרבעטן, מילא, וועט מען אַרבעטן. ס׳איז דאָך מלחמה־צייט.

דער לאָקאָמאָטיוו נעמט לאַנגזאַם סאָפּען, די רעדער גיבן אַ קווייטש — און אָט שטעלט דער צוג זיך אָפּ. מיר טוען ווידער אַ קוק דורך די פענצטערלעך, און מיר זעען איצטער אַחוץ די מענטשן אין געשטרייפטע בגדים, אויך ס. ס.־לייט מיט מעדאַלן און קרייצן אויף זייערע ברוסטן. זייערע פּרצופים האָבן דערמאָנט אין יענע תלינים, וואָס האָבן מיט אַ צייט צוריק, אויפן סקוועיר פון דער מאַדזשעווער גאָס אין סאָס־נאָוועץ, אויפגעהאָנגען די פיר יידן.

ס׳איז אָבער נישט געקומען אויפן רעיון, אַז די היטלע־ריסטן האָבן אונדז דאָ אַהערגעשלעפּט נישט ווייל זיי נייטיקן זיך אין אונדזער אַרבעט, נאָר בכדי אונדזערע לעבנס אונטער־צוהאַקן. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זיי וועלן פעיִק זיין צו נעמען אומשולדיקע מענער און פרויען און אַפילו פיצ־לעך קינדער, און אָן אַ פאַרוואָס זיי מאַסנווייז אויסקוילענען?

# אויף דער ראַמפּע

טראַך! ווילדע קולות רייסן איבער די אין טרויער פאַר־זונקענע מחשבות ביי די יידן אין די וואַגאָנעס אויף דער ראַמפּע אין אוישוויץ־בירקענאַו, מחשבות, וואָס האָבן געטאָ־טשעט די מוהות און געקלעמט דאָס האַרץ. אָט עפענען זיך די טירן און ס'ווערט באַפוילן אַלעמען אויסצושטייגן.

פון דעם וואַגאָן, וואָס איך מיט מיין משפחה האָבן זיך אין אים געפונען, האָט זיך די טיר גראָד די ערשטע געעפנט. מיר זענען פון אים אַרויס, ווי צעטומלט, און נישט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, וואָס דאָ טוט זיך.

די מענטשן אין די געשטרייפטע קליידער, וואָס מען האָט זיי געזען דורך די פענצטערלעך אין וואַגאָן, האָבן צו אונדז גערעדט יידיש און זיך באַלד גענומען מתעסק זיין מיט אונדז. קודם כל ווייזן זיי אָן, ווו מיר זאָלן אַוועקלייגן אַלץ, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. דערנאָך פירן זיי אַוועק די מע־נער אין איין זייט פון פּלאַץ, און די פרויען — אין דער אַנ־דערער זייט, אויסגעשטעלט צו פינף אין רייען, אויפגענומען צו ווערן פון די הויכראַנגיקע ס. ס.־מחבלים. די עלטערע מענ־טשן און פרויען מיט זייערע קינדער ווייזט מען אָן אַרויפצו־גיין אין די אָפענע לאַסטוועגענער.

מיר זענען בשעת־מעשה געווען צופרידן, אַז די מענטשן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט אונדז, זענען יידן. דאָס איז געווען די „קאַנאַדע־קאָמאַנדע". דעם נאָמען „קאַנאַדע" האָבן זיי באַ־קומען דערפאַר, ווייל זיי פלעגן האָבן עסן צו דער זעט, אַזוי ווי די מענטשן אין קאַנאַדע, וואָס שמט מיט איר שפע. איז ווי

באַלד מען געפינט זיך נאָר צווישן יידן, וועט מען זיך שוין ווי נישט איז קאָנען אַן עצה געבן — האָט מען זיך געטראַכט. דעמאָלט האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ס׳איז נישט אַזוי גע־פערלעך, ווי מען האָט געמיינט. והא ראיה, זיי, די „קאַנאַ־דיסטן" הייסט עס, זעען גאָרנישט אַזוי שלעכט אויס. פאַר־קערט, מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז זיי זענען דאָ, ווי אויף אַ דאַטשע... נאָר גיי ווייס, אַז דורך די דאָזיקע הענט זענען שוין אַדורכגעגאַנגען אַזוי פיל טויזנטער יידן, וועלכע דער פייער־פיסק פון קרעמאַטאָריע האָט שוין באַוויזן צו פאַרשלינגען.

מאַנכע „קאַנאַדיסטן" פלעגט זייער בריווחער ביסן אַ סך מאָל נישט באַקומען. פאַרשידענע געוויסנס־פיינען, וואָס האָבן געקאָנט פירן ביז משוגעת, האָבן זיי געמאַטערט און מאַטערן זיי נאָך אפשר עד היום.

ווי געזאָגט, איז זייער אַרבעט אויף דער ראַמפּע אין אוי־שוויץ־בירקענאַו געווען אָפּצונעמען די אָנגעקומענע טראַנס־פּאָרטן מענטשן. פון דער טרויעריקער פּראַקטיק דאָרט האָבן זיי וויל געוווּסט, וואָס אַזוינס עס דערוואַרט די געקומענע יידן, בפרט פרויען מיט נישט דערוואַקסענע קינדער, וועלכע זענען תיכף פאַרמשפּט פאַרן גאַזקאַמער און פאַר דער קרע־מאַטאָריע. פלעגן דעריבער אָט די „קאַנאַדע־מענטשן" ווי ווייט מעגלעך פּרוּוון ראַטעווען לפּחות די מאַמעס, אַוועקנעמענדיק ביי זיי די קינדער, כדי זיי, די מאַמעס, זאָלן אַזוי אַרום באַ־שטימט ווערן אין לאַגער אַריין און דערווייל בלייבן לעבן. ס׳פלעגן זיך דערביי אָפּשפּילן שווידערלעכע סצענעס בעת די מאַמעס האָבן געזען, ווי מען רייסט פון זיי אַוועק זייערע קינ־דער.

ווער שמועסט נאָך, אַז די „קאַנאַדיסטן" פלעגן זיך דאָרט באַגעגענען פּנים אל פּנים מיט אייגענע, אָדער פריינד צי באַ־

קאַנטע, פלעגן זײ זיכער אַזױ ברוטאַל האַנדלען. דאָס האָט געמוזט בײ זײ געשען גיך און קונציק, אַז דאָס זאָל נישט באַמערקן די ס. ס.־באַנדע.

ס׳האָט געטראָפן מיט אײנעם, װאָס איז געװאָרן דעפּאָרטירט פריִער װי זײן פרױ און ער האָט דאָרט געאַרבעט אין דער „קאַנאַדע־קאָמאַנדע", אַז ער האָט מיט אַ שטיקל צײט שפּעטער דערזען אױף דער ראַמפּע אָנקומען זײן פרױ מיטן קינד. ער האָט בײ איר טאַקע תיכף צוגענומען דאָס קינד, איר פאַרשטײט זיך נישט געזאָגט דעם זינען דערפון, און אַזױערנאָך אָפּגעראַטעװעט די פרױ.

זיכער איז דער אומגליקלעכער פאָטער דערמיט בײגעשטאַנען אַ שרעקלעכן נסיון, אַזױ װי אברהם אָבינו מיטן ברענגען זײן זון יצחק אױף דער עקדה, זײענדיק אָבער זיכער, אַז דער נס, װי דעמאָלט מיט יצחקן, װעט דאָ נישט געשען; אַז קײן שום מלאך װעט נישט קומען אין דער לעצטער מינוט אָפּצוהאַלטן די האַק פון דײטשן תלין. ער, דער פאָטער װערט געצװוּנגען מיט זײנע אײגענע הענט צו לאָזן אומברענגען זײן אײנציק קינד, כדי ס׳זאָל צײטװײַליק בלײבן לעבן כאָטש די מאַמע, זײן פרױ הײסט עס.

מען האָט אױך דערצײלט װעגן אַן ענלעך טראַגישן פאַל, בעת אַ „קאַנאַדיסט" האָט אױף דער ראַמפּע דערזען אָנקומען זײן שװעסטער מיט אירע צװײ קינדער. ער האָט איר געהײסן, אױך צוליב דעם דערמאָנטן ציל, אױף אַ װײַל אַװעקגעבן די קינדער איר חברטע, מיט װעלכע זײן שװעסטער איז געקומען צוזאַמען אינעם זעלביקן װאַגאָן. אײדער װאָס װען, איז פאַרשטײט זיך די חברטע מיט די קינדער, צוזאַמען אױך מיט איר אײגן קינד, אַרױף אױפן לאַסטאױטאָ, װאָס האָט זײ אַװעקגעפירט צום פאַרגאַז, און זײן שװעסטער איז געבליבן

לעבן. נישט שווער תופס צו זיין דעם געראַנגל אין די הער-צער פון די „קאַנאַדע-מענטשן" אין יענע מינוטן.

די ס. ס.־תלינים, וואָס האָבן אויף דער ראַמפּע באַשטימט אונדזער גורל, האָבן דעמאָלט אַוועקגענומען מיין עלטסטן ברו-דער שמואל און אים געהייסן אַרויפגיין אויפן וואָגן, ווו ס'האָבן זיך שוין געפונען זיין פרוי מיט זייערע פיר קינדער. מיין אַכט-יאָריקן בן־יחיד שימעק, וועמען כ'האָב געהאַלטן מיט זיך, האָבן זיי אויך פון מיר אָפּגעריסן און אים צוגעשיקט צו דער מאַמען. „דאָס קינד דער מוטער אָפּגעבן" — האָבן זיי אויס-געשריגן. דאָס דאָזיקע האָט שוין אויף מיר שרעקלעך גע-ווירקט, הגם כ'האָב נאָך נישט געאַנט וועגן זייער ביטערן גורל.

געוועזן בין איך פון דעם ערשטן פינפטל אויסגעקליבענע מענער, די „טויגבאַרע סחורה" פאַרן קאַצעט. אין אונדזער נאַיוויטעט און גלויבן אינעם מענטשלעכן פאַרנונפט, האָבן מיר געהאַלטן פאַר נאָרמאַל (כ'האָב שיִער נישט געזאָגט מענטשלעך), וואָס די אָפּגעטיילטע פון אונדז, די עלטערע מענ-טשן און פרויען מיט קינדער, שיקן זיי אַוועק מיט די וועגע-נער. די שוואַכע און קראַנקע פלעגן זיי מיט דייטשער „העפ-לעכקייט" אַפילו נאָך העלפן אַרויפגיין אויף די וועגענער. „פאַרט נאָך פאַראַן אַ שטיקל געוויסן ביי די יעקעס", האָט מען זיך געזאָגט.

אַ גוואַלדיק גרויס רחמנות איז מיר געוועזן אויפן קינד, זעענדיק ווי ער גייט נעבעך באַרוועס צוליב מיר, ווייל כ'האָב אים אויסגעטאָן די שיכלעך אין יענער נאַכט אינעם בונקער. דאָס זעלביקע רחמנות איז מיר געוועזן אויך אויף מיין צאַר-טער פרוי אין איר דינעם שלאַפראָק, וואָס איז נאָך דערצו ביים אַרויסגיין פון בונקער צעריסן געוואָרן. דאָ וועט באַלד

קומען דער הארבסט, ווי וועלן זיי אזוי קאָנען אויסקומען? א טיפער צער האָט מיך געגריזשעט און געמאַטערט.

הגם כ׳האָב געוווּסט, אַז אין מיין פּרוים ספּעציעל גע־מאכטע שיך פאַר דעם צוועק איז פאַראַן א ביסל דאָלאַרן מיט עטלעכע ווערטפולע חפצים, כדי דערמיט טאַקע צו קאָנען זיך באַנוצן אין א נויטפאַל, איז דאָך אָבער די מעשׂה, וואָס זי געפינט זיך אין דער פּרעמד און איז אויך נישט שטאַרק מסוגל צו מסחרן. ווי אַזוי וועט זי קאָנען זיך אַן עצה געבן איינע אליין?

אַז מען וועט זיי הייסן אויסטאָן מוטער־נאַקעט און אַלץ ביי זיי צורויבן, דערנאָך זיי פאַרנאַרן אין גאַזקאַמער צום דער־שטיקן און לסוף זיי פאַרברענען — וועגן אַזוינס איז דאָך כלל נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן אפילו. פאַר וואָס דען יאָ? האָבן זיי דען מיט עפּעס זיך פאַרזינדיקט?

וועגן די „גליקלעכע", וואָס ווערן אַזוי העפלעך אַרויפ־געלאַדעוועט אויף די וועגענער, וואָס איילן אַוועק פון דאָרט פול מיט מענטשן און קערן זיך אום צוריק ליידיק, — איז נישט געקומען אויפן זינען, אַז ס׳געשעעט מיט זיי עפּעס בייז. אונדזערע חושים זענען רק געווען פאַרנומען יעדער מיט די זייניקע, בעת זייער אָפּפאָרן פון דאָרט. פון וויטנס האָבן מיר מיט די בליקן זיך געזעגנט, מיט דער ברכה און האָפענונג בקרוב זיך צוריק צו טרעפן געזונטערהייט.

די היטלער־תלינים, וואָס האָבן זיך צו דעם צוגעקוקט און צוגעשמייכלט, האָבן אָבער גוט געוווּסט, אַז דאָס וועט שוין קיין מאָל נישט געשען. אַז זייער שיידן זיך מיט אונדז וועט שוין זיין לעולם ועד.

# צום עמק הבכא

אַ ווייטיקפול געפיל האָט אַרומגענומען די עדה יידן, אויסגעקליבענע פאַרן קאַצעט, ביים גיין פון דער ראַמפּע אין לאַגער אַריין. די אומבאַקאַנטע פעלדער מיט די ליימיקע וועגן, וואָס זענען פון ביידע זייטן געווען פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט און אונטער זיי זענען געשטאַנען באַראַקן, ווי שטאַלן פאַר בהמות, האָבן אָנגעוואָרפן אַ גרויל.

אַרום הערשט אַ טויטע שטילקייט, גלייך ווי דאָ וואָלט קיין מענטש זיך נישט געפונען. מ׳הערט אפילו נישט דאָס בילן פון אַ הונט, דאָס צוויטשען פון אַ פויגל, ווי אויף דער דאָזיקער ערד וואָלט קיין לעבעדיק באַשעפעניש קיין קיום נישט געהאַט. טאַקע ממש אַ טויטנלאַנד.

אונדזערע הערצער זענען פאַרקלעמט פון דעם אָקערשט איבערגעלעבטן, מ׳טן מוזן זיך צעשיידן ווער מיט אַ פרוי און קינד, ווער מיט טאַטע־מאַמע, אָדער ברידער און שוועסטער. מיר ווייסן נישט וועגן וואָס פריִער צו טראַכטן און זאָרגן, צי איבערן גורל פון אונדזערע נאָענטסטע, וואָס זענען נאָר וואָס אַזוי אומגעריכט און ברוטאַל אָפּגעריסן געוואָרן, צי וועגן זיך גופא, וועגן דעם וואָס ס׳דערוואַרט אונדז אין דעם פאַרוואָר־פענעם מדבר־העק?

ביי אַ סך פון אונדז איז געווען די זיכערקייט, אַז מיר וועלן געפירט ווערן צו אַרבעטן. מ׳האָט געטייטשט, אַז דאָס מוז נישט זיין זייער ווייט, ווייל דאַן וואָלטן מיר נישט געגאַנגען צו פוס, נאָר אויך געפאָרן אויף די לאַסטאויטאָס, ווי די אַנדערע.

ווען מען האָט דערזען דערווייטנס פון ווייטנס שלאָגן צום הימל אַ שוואַרצן געדיכטן רויך, ווי פון אַ פאַבריק-קוימען, האָט מען געפרוווט טרעפן, אַז דאָס איז עס. אָט דאָרט וועלן מיר, הייסט עס, אַרבעטן.

„האַלט! שטיין בלייבן"! חזרט זיך איבער דאָס געשריי. באַלד דערנאָך דערהערט מען אַ באַפעל: „אויסטאָן זיך צום באָדן"! יעדער פאַרנעמט זיך דאָס צו טאָן. פריִער מוז מען אָפּגעבן ס'געלט און אויך די פערזענלעכע חפצים — אונטער דער דראָונג פון טויט, אויב מען וועט דאָס נישט פאָלגן.

נאָקעטערהייט טרייבט מען אַלעמען אַריין אין אַ בודע, ווו ס'ווערט געטאָן „אונדזער רעכט", דהיינו, מ'שערט אונדז אָפּ די האָר (מער געפּליקט ווי געשוירן) און דערנאָך שיקט מען אונדז אין באָד אַריין, ווו מען כאַפּט אַ פרישניץ פון הייס און קאַלט וואַסער. ווי אַ ווינטמיל האָט איינס גענומען יאָגן און טרייבן דאָס אַנדערע. נאָכן באָדן זיך, ווערן מיר אַריינגע־יאָגט אין אַ צווייטער בודע. דאָרט ווערן מיר באַשפּריצט מיט עפּעס אַ פליסיקייט, פון וואָס די הויט ווערט שיִער נישט אָפּ־געברענט. דאָס דאַרף זיין אַ סגולה צו פאַרהיטן פון פּאַראַ־זיטן. מיינט מען דאָך שוין, אַז דערמיט איז די „טהרה" גע־ענדיקט און מיר וועלן באַלד צוריק אַרויס אָנטאָן אונדזערע מלבושים און פּטור — האָבן מיר אָבער נאָך נישט פאַר־שטאַנען און באַנומען, ווי אַזוי ס'איז דער מנהג ביי די היט־לעריסטן אין קאַצעט. דאָ, ברודערקע, אַז דו קומסט אַהער, ווערסטו באַלד אוים דו. אויך דיינע זאַכן און אַלץ, וואָס דו האָסט אַהערגעבראַכט געהערן מער נישט צו דיר. דיינע מלבו־שים וועסטו מער פאַר די אויגן נישט זען. מען שיקט דיך אַריין אין אַ צווייטן חדר, ווו ס'געוועלטיקן לאַגערניקעס, מיינסטנס יידן, און זיי טיילן דיר צו דיין איצטיקן הילוך. די מלאכה

גייט ביי זיי צו זייער גיך, קיטמעסיק. איינער דערלאַנגט דיר אַ העמד, דער צווייטער אַ רעקל, אַ דריטער אַ פּאָר הויזן וכדומה. דאָס אַלץ ווערט געטאָן אין אַזאַ איילעניש, ווי אַ שטייגער ס'וואָלט ערגעץ געברענט און מ'דאַרף וואָס גיכער לויפן פאַרלעשן די שׂריפה.

פלעגט דעריבער נישט זעלטן טרעפן, אַז אַ הויכער און דיקער פאַרשוין זאָל באַקומען בגדים פון אַ ייִנגל און אַזוי אויך פאַרקערט. דאָס זעלביקע איז אָפּט געשען מיט שיך. אָדער מען האָט באַקומעןביידע פון זעלביקן פוס, אָדער איינער פון אַנדערן מיט עטלעכע נומערן קלענער. און טאָמער האָסטו זיך נישט געפּוילט צוריקצוגיין, כדי דאָס צו ווען אויסטוישן, האָסטו געכאַפּט דערפאַר דיין „שׂכר הליכה", אַז דו האָסט שוין פאַרזאָגט אַ צענטן דאָס נישט צו טאָן, און נעמען פאַר ליב וואָס מען גיט.

סאַראַ פּנים מיר פלעגן באַקומען אין די דאָזיקע טראַנ־טעוואַטע בגדים, איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן. בעת מיר פלעגן זיך נאָך דער „הלבשה" אָנקוקן איינער דעם אַנדערן, פלעגט מען אין די צרות אויסברעכן מיט אַ היסטעריש גע־לעכטער. מיר האָבן זיך פּשוט נישט דערקענט.

נאָכן אויסטאַטויִרן און פאַרשרייבן אַלעמען אין „ספר־הזכרונות", יאָגט מען אונדז אַריין אין אַ ליידיקן בלאָק, אַ באַ־ראַק אַזאַ. אויף דער ליימיקער פּאָדלאָגע האָט יעדער רעכט צו געפינען אַ שטיקל מקום מנוחה.

אַז דאָס ווערטל „נויט ברעכט אייזן" איז בנוגע דורשט נאָך האַרבער, האָט מען געקאָנט זיך איבערצייגן אין יענער ערשטער נאַכט אינעם ליידיקן בלאָק. דער דורשט האָט גע־פּייניקט נישט איבערצוטראָגן. קיין חידוש נישט: זענען דאָך אונדזערע העלדזער געווען פאַרטריקנט פון דער „נסיעה" אין

די פול געפּאַקטע וואַגאָנעס, וואָס זענען איבערן וועג געוואָרן אַנגעגליט פון דער שטאַרקער זון. פּון אַ ביסל וואַסער צום טרינקען איז קיין רייד נישט געווען. פּלעגן אַ סך פון אונדז, כּדי כאָטש אַ ווײַלע צו שטילן דעם שרעקלעכן דורשט, ביי נאַכט זיך אַרויסגנבענען פון בלאָק, זיך צוכאַפּן צו די ליים־גריבער, אין וועלכע דער רעגן האָט אָנגעזאַמלט אַ שמוציק געדיכט וואַסער און דאָס געטרונקען. צו מאָרגנס האָט מען אָגב גלייך דערקענט ווער ס׳האָט דאָס געטאָן, מחמת די יע־ניקע פּלעגן דערפון באַקומען אַ משונהדיקן אויסזען. דאָס פּנים פּלעגט ביי זיי געשוואָלן ווערן ווי אַ פּענכער, וואָס אָט־אָט וועט ער אויפפּלאַצן. אחוץ דעם האָבן אַ סך דערפאַר אויפן אָרט באַצאָלט מיטן לעבן דורך אַ קויל פון ס. ס.־מאַן, וואָס איז געווען אין וואַכטורעם. ואף על פּי כן, איז דאָס פון דעסטט־וועגן געטאָן געוואָרן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די אויפקלערונ־גען דערוועגן, ס׳איז סיי ווי נישט געראָטן דערפון אָפּצוהאַלטן.

אין יענער ערשטער נאַכט אינעם ליימיקן בלאָק איז כמעט קיינער נישט געשלאָפן. מיט פאַרביטערטע הערצער זענען מיר געזעסן וואָך און נישט געקאָנט קיין אויג צומאַכן. מיט גרויס אומרויִקייט און אומגעדולד האָט מען געוואַרט, ס׳זאָל שוין ווערן טאָג, מיר זאָלן אַרויס פון דעם עיפּושדיקן באַראַק און זען וואָס דער טאָג ברענגט פאַר אונדז. געבראַכט האָט ער אָט וואָס:

מיר ווערן אין דער פרי אַרויסגעטריבן פונעם באַראַק און אויסגעשטעלט צו פינף אין רייען, און נאָכן אָפּציילן די „סחורה״ איין מאָל, נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל, ווערן מיר געשיקט אינעם קאַראַנטין־לאַגער. דאָרט האָט זיך פאַר אונדז געעפנט דאָס פּאָדערהייזל צום עמק־הבכא...

# לאַגער־פּראָמינענטן

שוין דער ערשטער „ברוך־הבא", וואָס ס'האָט אונדז דערלאַנגט איינער פון די לאַגער־פּראָמינענטן, האָט גלייך אויסגעגעבן, ווער און וואָס זיי זענען. מקבל־פּנים געווען האָט אונדז דער בלאָק־עלטסטער פּינקוס אויף אַזאַ אופן:

— פון וואַנעט זענט עץ, ה.־זינס?

— פון זאַגלעמביע — ענטפערן מיר אים — פון בענדין, סאָסנאָוועץ, דאָמבראָווע.

— אַהאַ... — גיט ער אַ שנאָרך מיט זיין הייזעריקער שטימע — נישט לאַנג צוריק האָט מען דאָ געהאַט ענקער קייסער, מאָניעק מערין. ר'אָט זיך דאָ לאַנג נישט געכאָוועט, ר'איז געפלויגן אין הימל אריין. פּינקט ווי דער לאָדזשער קייסער רומקאָווסקי. אַזעלכע ווערן דאָ באַלד מיט אַ קאָפּ נידעריקער... קייסערעס האָבן זיי געקענט זיין בא ענק, אָבער נישט דו. מ'האָט זיי געוויזן, ווּוס ס'הייסט צי זאָן אַ יידישער קייסער בא די דאַאַטשן — דערלאַנגט ער ראַפּטעם אַ זאָג אָפּ דעם מאַמר.

אַוודאי האָבן אַזעלכע „פּערלדיקע אויסדריקן" אַ ביסל שאָקירט די צוהערער, בפרט די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט די „זכיה" דאָס צו הערן דעם ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט אַזוי בפּרהסיה פון אַ יידיש מויל. מען איז אָבער פאָרט געווען צופרידן צו האָבן פאַר זיך אַ יידן, פון וועמען מען וועט זיך אפשר קאָנען דערוויסן פּרטים הן וועגן אונדזער דאַזיין, הן וועגן אונדזערע משפחות, דהיינו ווּ זיי געפינען זיך, ווען מען וועט זיך קאָנען מיט זיי זען, וכדומה. און איינער פון אונדז האָט

אים טאַקע אַ פרעג געטאָן וועגן די אַלע, וואָס מען האָט אויף דער ראַמפּע פון אונדז אָפּגעטיילט, ביי וואָס, למשל, זיי וועלן אַרבעטן.

— אין דער הימל־קאָמאַנדע, ה.־זון — איז געקומען זיין ענטפער.

— אָבער ווו זענען זיי איצטער? — פרעגט שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אַ צווייטער.

— אין הימל, ה.־זון — ענטפערט ווייטער פינקוס.

האָט מען אין פלוג, וואָס אַן אמת, נישט פאַרשטאַנען, אָדער נישט געוואָלט פאַרשטיין דעם באַטייט פון זיינע ענט־פערס. ערשט ווען אַ דריטער האָט אים אַ פרעג געטאָן מכוח אונדז דאָ, דאָס הייסט, ביי וואָס מיר וועלן אַרבעטן און צי מיר וועלן פאַר דער אַרבעט עפּעס באַקומען באַצאָלט, כדי דערפון כאָטש צו קאָנען לעבן, האָט דער פאַרשוין זיך צע־לאַכט אַזוי, אַז דער בויך זיינער האָט אים שיִער נישט גע־פּלאַצט:

— כאַ, כאַ, כאַ! זעטס נאַר, זעטס. ר'איז דאָך גור דו אַהערגעקימען לעיבן, דער ה.־זון!

מילא, אַז קיין צוויי ווערטער האָט אָט דער נפש נישט אַרויסגערעדט, ער זאָל דערביי נישט באַנוצן דעם שיינעם אויסדרוק — איז אַ זאַך פאַר זיך. עלעהיי ס'איז אַ שפּראַך אַזאַ אינעם לאַגער, ווי ביים מיליטער, האָט מען זיך גע־טראַכט. דער פאַרדרוס אויף אים איז אָבער געווען גרויס דערפאַר, וואָס מען האָט אין זיינע ציניש ווערטער גע־פילט אַ הנאה דערמיט אונדז מצער צו זיין. האָבן מיר בכן אויפגעהערט אים צו שטעלן קשיות, מחמת קיין גרויס נחת וועט מען דאָך פון אָט דעם פאַרשוין סיי ווי נישט דערלעבן.

אינעם קאַראַנטין־לאַגער, ווּהין מען האָט אונדז אויף

צו מאָרגנס משלח געווען, האָבן מיר געהאַט דעם כבוד צו האָבן אַלס בלאָקעלטסטן דעם „באָקסער" (באַרימטע פיגור אין לאַגער). געשטאַמט האָט ער פון דער שטאָט בענדין, פון וואַנען ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז. פון פּאַריז איז ער מיט אַ צייט פריִער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוי־שוויץ, ווו ער האָט שוין באַוויזן צו ווערן אַ שישקע... ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, זאָל דער „באָקסער" האָבן אויסגעפּועלט ביי דער לאַגער־פירונג, יענע זאָלן אים באַ־שטימען פאַר אונדזער בלאָקעלטסטן. משמעות, אַז דאָס פּינ־טעלע בענדין האָט זיך אין אים דערוועקט, און ווער ווייסט? אפשר גאָר האָט ער געוואָלט זיין מיט אייגענע יאַטן זיי צו קאָנען מיט עפּעס העלפן?

נאָכן ערשטן „מיטאָג" וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָנטש פון קאַרטאָפל־שאָלן מיט וואַסער און נאָך עפּעס אַ מין קטניות, וואָס אפילו הזירים וואָלטן זיך זיכער דערמיט געקרעקט, האָט מען באַקומען אַלס „נאָכשפּייזע" אַ לעקציע פון „מיצען אָפּ, מיצען אויף" די „תורה" האָט על פּי לאַגער־נוסח געמוזט אַרויסקומען פון אַלעמען מיט איין שאָס, ביים אָפּנעמען די אַפּעלן דורכן „בלאָקפירער", ווי אַ שטייגער ביי מיליטער מיטן געוויער בעת אַ דעפילאַדע.

די דאָזיקע „קונץ" האָט מיט אונדז געקנעלט אַ בריאה (בלאָקשרייבער האָט מען אים גערופן) אָן אַן אויפהער אַן ערך דריי שעה צייט. די הענט האָבן דערפון שוין געהאַלטן ביים אַרויספאַלן פון די עלנבויגנס. ווי די טבע איז ביי רעק־רוטן, האָט אויך דאָ יעדעס מאָל עמעצער אַנדערש מיט אַ האָר פאַרשפּעטיקט און ס'האָט נישט פּינקטלעך געקלאַפּט.

נו, האָט דער בלאָקשרייבער זיך געריסן דעם יאַשטשיק און אונדז געדראָט, אַז אויב ס'וועט, חלילה, דערמיט געשען

אַ מכשול ביים אַפּעל אין דער אָנוועזנהייט פונעם בלאָק־פירער, וועט ער אונדז דערפאַר מכבד־זיין מיט אַ פּאַרציע „קניבויגן" (אַ שטראָף אַזאַ צו זיצן שעהען לאַנג מיט איינ־געבויגענע קניִען און אויפגעהויבענע הענט, ביי וואָס די קאַ־נאַליעס פלעגן זיך ווייל̈ן).

מיר האָבן אַפילו נאָך נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס און וועלכן טעם דאָס קאָן האָבן. מיר האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן, אַז קיין געשמאַק מאכל איז דאָס זיכער נישט. דעריבער, הגם ס'זענען צווישן אונדז געווען אַ סך, וואָס האָבן קיין מיליטער־דינסט נישט דורכגעמאַכט און בכן נישט געוווינט געווען צו קיין שטרענגער דיסציפּלין, האָבן זיי זיך פון דעסטוועגן געפלייסט גיך צו באַנעמען די חכמה צוליב מורא פאַר דעם עסק מיטן „קניבויגן". אַזוי, אַז בעתן באַווייזן זיך פונעם בלאָקפירער אויפן אַפּעל ווען דער „באָקסער" האָט געלאָזט הערן זיין פּזמון: „פערטיק! בלאָק פינף און צוואַנ־ציק, שטילשטאַנד! מיצען אַפּ"! — האָט דאָס אַראָפּכאַפּן די היטלען מיט אַ מאָל דורך אַלעמען געטאָן אַ שאָס, ווי פון אַ קאַנאָן. דאָס זעלביקע אויך לסוף פון אַפּעל מיט דעם „מיצען אויף"!

דער „באָקסער" האָט, נאָך אונדזער איבערגיין אין דע־לאַגער, שוין לאַנג נישט אָנגעטריבן. ער איז צוזאַמען מיט זיין אַדיוטאַנט כאַמויש דערשאָסן געוואָרן דורך די ס. ס.־לייט.

כאַמויש האָט גוט געקענט די וועגן פון דער געגנט דאָרט און ער זאָל דאָס האָבן צוגערעדט „באָקסערן" עוקר צו זיין מיט אים. כאַמויש האָט, ווי מיר האָבן דאָס שפּעטער געהערט, געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן מיט אַלע פּיטשעווקעס און פאַרזיכערט „באָקסערן" אַרויסצופירן אויף דער פריי בשלום.

פון זיין לאגער־„סטאזש” האט דער „באקסער” גע־וווּסט, אז סוף ייד לקרעמאטאריע. ער האט נישט געגלייבט דערין, אז ס'זאלן זיך דארט א מאל שאפן אויסזיכטן פאר יידן ארויסצוקומען לעבעדיק פון די נאצישע הענט. אויסלענ־דישע וואלוטע, ווערטפולע חפצים און אבנים־טובות האט ער זיך שוין מסתמא אויך געהאט אנגעזאמלט בשפע. האט ער זיך דעריבער אנגעכאפט אין כאמוישם פלאן, ווי מען זאגט, מיט ביידע הענט. ס'איז אים אבער נישט געראטן. מען האט דערציילט, אז ווען די ס. ס.־לייט האבן דערהערט, אז דער „באקסער” איז נישטא, איז זיי פינצטער געווארן פאר די אויגן — שוין בלויז דערפאר, וואס מיט זיין אנגע־זאמלטן וויסן וועגן דעם, וואס די נאצים טוען אפ אין קאצעט, קאן ער אויפרודערן די גאנצע דרויסנדיקע וועלט. זיי האבן געקערט וועלטן און זייער גאנצן רוצחישן כוח גע־שטעלט אויף די פיס, כדי פאר יעדן פרייז „באקסערן” מיט כאמושן צוריקצובאקומען אין לאגער אריין. ביז ס'איז זיי לסוף געלונגען צו פאלן אויף די שפורן פון דער מאלינע, ווו די צוויי חברה־לייט זענען געווען אויסבאהאלטן.

ווען דער „באקסער” מיט זיין פלאנגעבער און מיטלוי־פער כאמויש האבן דאס דערפילט און געוואלט אפציִען, זע־נען זיי געפאלן טויט פון א האגל קוילן.

א סך האבן געהאלטן, אז „באקסערן” איז באצאלט גע־ווארן מידה כנגד מידה פאר זיינע אוממענטשלעכע מעשׂים לגבי יידן, הגם כלפי זיינע בענדינער יאטן אין קאראנטין־לאגער, ווען ער האט איבער זיי געוועלטיקט, האט ער זיך נישט שלעכט אויפגעפירט. אפשר איז ער געווארן א שטיקל „חוזר בתשובה” און געוואלט זיך אויספיינערן פאר זיי.

ווי באַוווּסט, האָט יעדער בלאָק אין אוישוויץ פאַרמאָגט זיין שטאַב־געמויזעכץ: אַ בלאָקעלטסטער, שטובן־דינסט, נאַכט־וואַכע און אַ בלאָקשרייבער. ווען מיר זענען איבערגע־שיקט געוואָרן פון קאַראַנטין אין דע־לאַגער אריין האָט אונדז דאָרט אָפּגענומען דער שרייבער פון בלאָק זיבן און צוואַנציק, דוד דרוקער.

אָנווייזנדיק אין בלאָק יעדן זיין „שלאָף־און עסצימער", די בוקסע הייסט עס, האָט ער פאַר אונדז געגומען האַלטן אַ לעקציע, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך דאָ נוהג זיין: אויספירן די אָנגעוויזענע אַרבעטן, פאָלגן און זיין אָנשטענדיק צו דער באַדינונג פון בלאָק, און דעמאָלט וועט אַלץ זיין וווּיל און פיין. ביז איצט, זאָגט ער ווייטער, האָבן די העפטלינגע דאָס נישט פאַרשטאַנען, אָדער נישט געוואָלט פאַרשטיין. זענען זיי געפאַלן ווי די פליגן. לכן, אַפּעלירט ער צו אונדז, מיר זאָלן נישט פּרוּוון נאָכטאָן זייער ביישפּיל.

גאָלדענע ווערטער. פּערל שיטן זיך ממש פון זיין מויל — האָבן מיר זיך געטראַכט. דער בעל־דרשן, אונדזער בלאָק־שרייבער, האָט וואָס אַן אמת אויף אונדז געמאַכט אַ גאַנץ מענטשלעכן איינדרוק. מיר האָבן אין זינען געהאַט ווי ווייט מעגלעך אים צו פאָלגן, וועט אפשר אונדז קיין בייז נישט געשען.

איז אָבער די מעשׂה וואָס אונדזער דודל איז ווייט נישט געווען אַזאַ צדיק אין פּעלץ, ווי ס׳האָט זיך געקאָנט אויס־דוכטן פון זיין פּערלדיקער דרשה. און שוין ביים ערשטן אַפּעל, ווען ער האָט אויסגערופן יעדן העפטלינג נישט מיט זיין נאָמען, נאָר לויט דעם לאַגער־נומער און איינער פון אונדז האָט נאָך נישט פאַרגעדענקט זיין פריש־געבאַקענעם נומער־נאָמען און זיך נישט תיכף אָנגערופן — האָט אים

דודל דערפֿאַר געמאַכט געדענקען, אַז יענער האָט דאָס גע־
פֿילט שיינע טעג.

דער נאָמען דרוקער איז מיר געווען קענטלעך, כ׳האָב
אָבער יענעם טאָג נישט געקאָנט זיך דערמאָנען פֿון וואַנען.
ערשט צו מאָרגנס איז מיר עפּעס געקומען אויפֿן זכרון.

צו אונדז אין שטעטל פֿלעגט בשעתו צום דאָרטיקן
דראַמקרייז קומען אַ טעאַטער־רעזשיסער מיטן נאָמען דרו־
קער.

איך האָב געזוכט אין דעם פֿאַרשוין פֿון בלאָקשרייבער
אָן ענלעכקייט צו יענעם רעזשיסער. אפשר איז ער זיינער
אַ ברודער, אָדער טאָמער גאָר טאַקע ער אַליין? שוין באַלד
אַ צוויי צענדליק יאָרן זענען פֿאַרביי זינט כ׳האָב אים געזען
אין שטעטל און דורך דער צייט האָט ער זיך אויסערלעך
אפשר געענדערט. אויך זיין „ספּיטש” ביים „קבלת־פּנים”
אין בלאָק האָט געקאָנט געבן אַ גרונט צו טראַכטן, אַז מען
האָט פֿאַר זיך אַ טעאַטער־מענטש מיט אַ געווייסן קולטור־
באַגאַזש. איך האָב געזוכט אַ וועג צו ווערן מיט אים אַ ביסל
היימישער, ער זאָל אויסמיידן אויך מיך אַ מאָל „מכבד צו
זיין” מיט אַזאַ פּאַרציע ווי יענעם פּאַר נישט געדענקען זיין
לאַגער־נומער. און אפשר, ווי ס׳מאַכט זיך, סתם צו קאָנען
פֿון אים עפּעס געניסן. דאַרף מען אים וועגן דעם אַ פֿרעג
טאָן און הערן זיין תשובה. וואָס קאָן דאָ זיין? יאָ, — יאָ, —
ניין, — ניין. אומר ועושׂה, כ׳האָב גענומען זיך די דרייסט־
קייט און הינטערווײַלעכטס געטאָן צו אים אַ זאָג:

— אַנטשולדיקט, הער בלאָקשרייבער...

האַסטיק גיט ער זיך אַ דריי אויס גלייך ווי ער וואָלט
באַקומען אַ שטאָך מיט אַ נאָדל, ער קוקט מיך אָן און גיט
אַ געשריי:

— וואָס ווילסטו?

— זייט מיר מוחל — זאָג איך צו אים ציטערדיק ווי אַ פיש, כ׳זאָל נישט כאַפּן פון אים אַן אַדערויף אַ זעץ. — אַנטשולדיקט מיר, וואָס כ׳וויל אייך פרעגן: האָט איר אפשר געקענט אַ געוויסן הער דרוקער פון לאָדזש?

— פון וואַנעט קענסטו אים? — פרעגט ער מיך צוריק שוין מיט עטוואָס אַ מילדערן טאָן, אָנשפּיזנדיק דערביי נייגעריק זיינע אויגן אויף מיר.

— ער איז געווען מיין רעזשיסער — ענטפער איך אים שוין אַ קאַפּיטשקע רויִקער און דרייסטער. — ער פלעגט אויפפירן פאַרשטעלונגען ביי אונדז אין שטעטל מיט אונדזער דראַמקרייז. ער איז געווען אַ פעיִקער און ווילער בחור.

אָפּמעסטנדיק מיך מיט די אויגן פון קאָפּ ביז פיס, זאָגט ער צו מיר מיט אַ זיפץ:

— ס׳איז מיינער אַ קוזין — און ער גייט פון מיר אַוועק.

עד היום בין איך נאָך אַלץ נישט זיכער אין דער ריכטיקייט פון זיין דעמאָלטיקן ענטפער. ווי ס׳זאָל נישט זיין, אַ פרייען בליק פלעגט ער מיר פון דעמאָלט אָן פאָרט צוּוואַרפן. אמת טאַקע, אַז קיין גוטס האָט ער מיר נישט געטאָן, אָבער כ׳מוז מודה זיין, אַז קיין שלעכטס אויך נישט.

געווען מינוטן ווען איך האָב געטראַכט, אַז אפשר טאַקע איז דאָס מיין געוועזענער רעזשיסער, נאָר ער וויל זיך איצטער נישט געבן צו דערקענען פאַר מיר. אפשר מתוך בושה, צוליב זיין מיאוסער פונקציע, צי גאָר דערפאַר, כדי ער זאָל בנוגע מיר נישט האָבן קיין חוב מיט עפּעס צו העלפן דערהאַלטן די נשמה. איז ער דאָך פאָרט געוואָרן אַזוי וואַרעם

און האַרציק אויפגענומען אין אונדזער שטוב בעת זיין ווײַלן אין שטעטל.

קלאָר, אַז אַלע סאָרטן קאַפּאָס האָבן געטויגט אין דר׳ערד (חוץ גאָר איינצלנע). אונדזער אַבערקאַפּאָ פון שוסטעריי, לאָקער, האָט אָבער געטויגט אויף תשעה ניינציק כפּרות. מיט זיין סאַדיסטישער הנאה צו קאַטעווען מכות-רצח, איז ער אפשר געווען אַן אויסנאַם.

אין דער שוסטעריי, ביים פאַרלאַטען אַלטע שקראַבעס, איז די אַרבעט געווען פאַר מיר אומדערטרעגלעך. די מלאכה האָב איך דאָך נישט געקענט. ס׳איז מיר אויך נישט אַלע מאָל געראָטן גוט באַהאַנדלט צו ווערן פונעם יידישן אונטער-קאַפּאָ פליישער, יענער זאָל מיר צוטיילן לייכטערע שיך צום פאַרריכטן, כדי כ׳זאָל קאָנען, ווי אַלע אַנדערע שוסטער, צו-שטעלן דעם צוגעטיילטן סכום, וואָס יעדער האָט באַקומען צו מאַכן פאַרן טאָג. ס׳זענען דאָרט געווען נאָך אַזעלכע יח-סנים ווי איך, און אפשר נאָך גרעסערע פון מיר, וואָס האָבן דערפאַר פליישערן באַצאָלט מיט אַ פּאַפּיראָסל וכדומה. אין אַזוינע טעג האָט מיך שטאַרק געמאַטערט די זאָרג, כ׳זאָל זיך קאָנען אַרויסקאָפּען מיט מיין „פּראָדוקציע", וואָס כ׳האָב געמוזט צושטעלן. איז מיר איין מאָל איינגעפאַלן, אַז היות ווי איך בין באַהאַוונט אין דער שטעקלאַטשן מלאכה, איז אפשר אַ סברה פאַרצולייגן פליישערן, אַז כ׳קאָן צונויפשטעלן פון די צעריסענע פילצענע און לעדערנע שטיוול, וואָס וואַל-גערן זיך דאָרט אַרום, אַזוינע לאַטשן פאַרן קאַפּאָ, צי פאַר אַן אַנדערן לאַגער-גדול. אין זינען האָב איך פאַרשטייט זיך געהאַט קודם זיך אַליין. מחמת אַזאַ סגאָל אַרבעט וואָלט דאָך פאַר מיר געווען אַ סך לייכטער און אָנגענעמער, ווי ביי די שרעקלעך פאַרסמאַליעטע שיך.

פליישערן איז דער עסק גאָר געפעלן געוואָרן און ער האָט מיך געהייסן באַלד זיך נעמען צו דער מלאכה. זעענדיק פאַרטיק די ערשטע פאָר לאַטשן, איז פליישער פון זיי אַזוי שטאַרק נתפעל געוואָרן, אַז ווי נאָר ס'האָט זיך דעמאָלט באַוויזן אין שוסטעריי דער אָבערקאַפּאָ לאָקער, איז פליישער אים אַקעגנגעלאָפן מיט גרויס התפעלות און אים געוויזן די וווּנדערבאַר שיינע שטעקלאַטשן, וואָס זיין ספּעציאַל־אַרבעטער האָט דאָ פאַר אים אויסגעמייסטערט.

לאָקער באַטראַכט די לאַטשן מיט אַ קליינעם שמייכל און גיט אַ געשריי: „הויזשוך־מאַכער — אַהער״! פאַרשטייט זיך, אַז איך בין מיט גדולה גיך געלאָפן זיך פאָרשטעלן פאַר אים, זייענדיק זיכער, אַז כ'וועל פון אים עפּעס באַקומען שׂכר־טירחה. אַנשטאָט דעם, גיט ער אַ צי אויס זיין לאַפּע און דערלאַנגט מיר אַ זבענק אין פּנים, און מיטן עלנבויגן אַ זעץ פאַר אַ צולאָג, אַז כ'האָב ממש געזען פונקען פאַר מיינע אויגן: „פאַר וואָס האָסטו שוין לאַנג נישט געזאָגט, אַז דו קאָנסט אַזעלכעס מאַכן? לאָס ווייטער מאַכן״...

דער דאָזיקער לאָקער איז געווען פון פאַך אַ מערדער, אַ כפל־שמונהדיקער פאַרברעכער. בזכות זה איז ער טאַקע פאַרשיקט געוואָרן אַהער קיין אוישוויץ. דאָס האָט מען געזען פונעם גרינעם ווינקל אויף זיין ברוסט, וואָס איז געווען דער סימן פאַר דייטשע פאַרברעכער. אויך זיין לאַגער־נומער האָט געוויזן, אַז ער געהערט צו די סאַמע ערשטע דאָרט מיט זיין „סטאַזש״ פון פאַרברעכנס. אַחוץ דעם איז ער געווען אַ שרעקלעכער סאַדיסט.

ווי גרויס ס'איז געווען זיין סאַדיסטישע הנאה צו צאַפּן דאָס בלוט ביי זיינע קרבנות, האָט ער אויך באַוויזן לגבי מיר.

ס'איז געווען נאָך דעם, ווי כ'האָב שוין געהאַט באַ־קליידט מיט שטעקלאַטשן אַלע זיינע קונים, דעם לאַגער־קאָמענדאַנט, דעם לאַגערעלטסטן מיט זייערע ווייבער און קעפּסווייבער. אין יענעם טאָג איז דער אַכזר לאַקער אריינ־געקומען אין שוסטעריי און ווידער אויסגעריטשעט זיין פּז־מון: „הויזשוך־מאַכער — אַהער"! איך בין, ווי געוויינלעך, אין איילעניש צו אים צוגעלאָפן און דערוואַרט ווידער פון אים צו באַקומען אַ באַשטעלונג אויף אַ פּאָר לאַטשן. דאַ גיט ער אַ געשריי: „קניפּל — אַהער"!

וואָס דאָס באַטייט, האָט מען שוין געוווּסט. נישט איי־נער איז דערפון געפאַלן טויט. דאָס איז געווען אַ רונדיקער דעמבאָווע שטעקן, אַ פּוס פון אַ הויך דאָרפיש קיכנבענקל. ווער ס'פלעגט פאַרזוכן דעם „טעם" דערפון, דער איז, אויב נישט באַלד געבליבן טויט אויפן אָרט, האָט ער לפּחות וואָכן זיך נישט געקאָנט רירן פון יסורים.

מיינע חברים, יחזקאל ראָזמארין און שיִע פרידלער, דער שרייבער און פאַראַרבעטער פון דער שוסטעריי, וויסנ־דיק וווּיל מיט וואָס דאָס שמעקט, אַז כ'וועל נישט אַרוים דערפון לעבעדיק, האָבן זיך געמאַכט זוכן דעם קניפּל, מיט דער האָפענונג אַז דורך דער צייט וועט אפשר ביי לאַקערן פאַרגיין זיין משוגענע מינוט פון דערהרגענען, אָדער ס'וועט אים אונטערקומען עפּעס אַנדערש און איך וועל דערווייל אַזוי אַרום בלייבן לעבן. „לאָס, שנעלער קניפּל אַהער" — רעוועט לאַקער כסדר.

בלית ברירה האָט מען אים דערלאַנגט די מאָרד־כלי, און שוין, אוים מיטן „טעאַטראַל" (מיין לאַגער־נאָמען ביי חברים), האָבן זיי זיך געטראַכט.

לאַקער מיטן קניפּל אין האַנט פירט מיך אריין אין זיין

„חדר־מיוחד" און אַלע וואָס זעען דאָס האַלטן מיך שוין פאַר אַ טויטן.

אין זיין צוגערוימטן שטיבל, ווו ער האָט מיך אַריינגעפירט, איז אויפן טישל לעבן אַ וואַזאָן מיט בלומען, וואָס האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען, ווי שפּיזן גרייט מיך צו דערשטעכן, אויך געלעגן אַ קינדעריש פּילצן שטיוועלע. לאַקער ווייזט מיר אָן דערויף און גיט מיך אַ פרעג:

— קאָנסטו אַזעלכעם מאַכן?

— זיכער, הער אָבערקאַפּאָ — האָב איך תיכף געענטפערט. אַ טויטשוויים האָט מיך דערביי באַגאָסן. וואָס איז ער דערמיט אויסן? צי איז דאָס נישט אַ שפּיל מיט מיר פאַרן דערהרגענען מיך?

— ווי לאַנג מוז דאָס דויערן? — פרעגט ער מיך ווייטער, אַגב גאַנץ רויִק.

— אַכט טאָג, הער אָבערקאַפּאָ, ווי געוויינלעך — ענטפער איך נישט טראַכטנדיק.

זיין צווייטע פראַגע „ווי לאַנג מוז דאָס דויערן?" האָט מיך אַ ביסל באַרויִקט, אַז אפשר מיינט ער טאַקע נאָר, כ'זאָל אים מאַכן די שטיוועלעך און נישט מיך אָוועקצוקוילענען. געטראַכט האָב איך דערביי, אַז ער זאָל אַזוי וויסן פון זיין געזונט, ווי איך ווייס ווי אַזוי מען מאַכט אַזעלכע שטיוועלעך. אָבער פאַרפאַלן. זאָגן עס אים, פינקלט דאָך צו מיר דער קניפּל אין זיין לאַפּע. איבריקנס, כ'בין דאָך צווישן יידן בעלי־מלאכות, מ'עט שוין מאַכן...

— לאָס, נעם דאָס און פאַרשווינד — דערלאַנגט מיר לאַקער דאָס שטיוועלע. כ'בין דערמיט צוריק אַריין אין שוםטעריי מיט אַ געפיל, ווי ביי אַ געהאָנגענעם, וואָס דער

שטריק אויף דער תליה האָט זיך איבערגעריסן און ס׳איז אים אַזוי אַרום געשאָנקען געוואָרן זיין לעבן.

ווי אַזוי קאָן מען איבערגעבן די פריידיקע איבעררא־שונג ביי דער חברה, ווען זיי האָבן מיך געזען אַ לעבעדיקן? ס׳האָט ביי זיי אויסגעזען ווי כ׳וואָלט צוריקגעקומען פון יענער וועלט. עפּעס אַ קלייניקייט, אַרויסצוקומען גאַנץ פון לאַ־קערן מיטן קניפּל אין זיין לאַפּע, דאָס איז דאָך נישט געווען פאַרצושטעלן זיך אַפילו. אַ צעטומלטער, האָב איך פאַר זיי דערציילט, וואָס ס׳איז געשען.

נאָך דעם, ווי די שטיוועלעך זענען פאַרטיק געוואָרן און זיי זענען לאַקערן זייער געפעלן געוואָרן, האָב איך מיט עטלעכע טעג שפּעטער פון דעסטוועגן מיין „שכר” פון אים באַקומען: פינף און צוואַנציק שלעק, טאַקע מיטן זעלבן קניפּל.

מעשה־שטן האָב איך איין מאָל געהאַט דאָס גליק צו געפינען אַ שטיקל פּאַפּיראָס און האָב עס שטאַרק געוואָלט פאַררויכערן. לאַקער איז גראָד דעמאָלט אַריינגעקומען אין שוסטעריי, און מיט זיינע טיגער־אויגן דאָס באַמערקט. „קום אַהער, קום אַהער” — האָט ער מיך אַ רוף געטאָן. היות זיין רופן מיך איז שוין געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, האָב איך בשעת מעשה כלל נישט געטראַכט וועגן „גרויסן פאַרברעכן” וואָס כ׳בין באַגאַנגען מיטן וועלן פאַררויכערן דאָס שטיקעלע פּאַפּיראָס.

— קניפּל אַהער! — גיט לאַקער אַ געשריי.

מיינע חברים, יחזקאל ראַזמאַרין און שיע פרידלער, די שומרים פון דער „כלי”, האָבן מחמת דער סצענע אין יענעם טאָג מיט די שטיוועלעך, דעם מאָל דעם ענין שוין נישט גע־נומען ערנסט און געמיינט, אַז ער האָט ווידער בדעה מיט

מיר זיך אַזאַ שפּיל צו טאָן. נישט ווייסנדיק וועגן מיין „חטא״ מיטן שטיקל פּאַפּיראָס, האָבן זיי אים באַלד דערלאַנגט דאָס כלי־משחית. זיי האָבן אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט. לאַ־קער האָט באַפוילן: „בוק זיך״!, וואָס האָט געמיינט זיך אַריבערלייגן אויפן אויוון מיטן רוקן אַרויף. ער האָט מיר אַריינגעטיילט פינף און צוואַנציק קלעפּ מיט אָט דעם שטעקן. ערשט דעמאָלט האָבן זיי געזען און איך אַליין — אויך גע־פילט, אַז דאָס מאָל איז דער פאַרברעכער נישט אויסן געווען מיט מיר צו טרייבן קאַטאָוועס. שטילערהייט האָבן חברה שוין נאָך מיר געזאָגט קדיש...

ביי דעם אַלעם האָב איך נאָך דעמאָלט געכאַפּט „אַ מציאה״, נאָך גוט אָפּגעשניטן, נישט צו באַקומען פון אים אַ טאָפּלטע פּאָרציע. ביי די אַכזרים איז געווען אַ מנהג, אַז דער קרבן זאָל מוזן ציילן די צאָל קלעפּ בעת ער האָט זיי באַקומען געסילוקט. אַ סך מאָל פלעגן זיי אויסטראַכטן, אַז דער געשלאָגענער האָט נישט ריכטיק געציילט, איבערגע־היפּערט דעם מספּר, און דערפאַר האָבן זיי אויף ס'ניי אָנ־געהויבן פון אָנהייב. דאָס זעלביקע איז אויך געשען, אויב דער קרבן האָט געוואַגט צו וויינען אָדער שרייען פון די יסורים, וואָס די קלעפּ האָבן אים פאַרשאַפט.

איך ווייס נאָך ביז היינט נישט, פון וואַנען ס'האָבן זיך צו מיר דעמאָלט גענומען כוחות איבערצוטראָגן די שרעק־לעכע ווייטיקן. ס'איז פּשוט נישט משיג צו זיין, ווי אַזוי אַזאַ שוואַך־פיזישע בריאה, ווי איך בין תמיד געווען, אַ פּשיטא דאָרטן, בין דעמאָלט נישט געבליבן טויט אויפן אָרט אונטער לאַקערס קלעפּ מיטן דעמבאָווע שטעקן. געניטע קאַצעטני־קעס האָבן געזען דעם נס אין דעם, וואָס קיין איין זעץ מיטן שטעקן איז צופעליק נישט געפאַלן אויף מיינע נירן, נאָר

אויפן דיקן פלייש. שיינע וואָכן בין איך טאַקע געווען גע־צוווּנגען צו שלאָפן אויפן בויך, אָדער אויף אַ זייט. פון זיצן אַ ווײַלע איז גאָר קיין רייד נישט געווען, מחמת כ׳האָב דערבײַ געפילט ווי כ׳וואָלט געזעסן אויף הייסע קוילן, אָדער אויף שפּילקעס.

מײַנע חברים האָבן געהאַט גרויס רחמנות אויף מיר, זיי האָבן געזוכט מיט עפּעס מיר צו קאָנען העלפן, אָבער לײַדער נישט געהאַט מיט וואָס. וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן די רפואה, וואָס מײַן חבר שליאַמעק האָט דעמאָלט פאַר מיר צוגעטראַכט.

אין זײַן „פאַרמעגן" האָט ער געהאַט אַזוי ווי איך, פאַר־דאַרטע שטיקלעך ברויט, וואָס מיר האָבן זיך דאָס באַהאַלטן אויפצועסן צו מאָרגנס. איז ער צוגעשטאַנען צו מיר, אַז כ׳זאָל למען השם דאָס אַלץ שוין אויפעסן. ווי באַלד נישט, וועל איך נישט איבערהאַלטן די יסורים, זאָגט ער ווי אַ דאָק־טער. דאָס זעלביקע האָבן אויך באַשטעטיקט נאָך אַנדערע חברים און פאַרלאַנגט כ׳זאָל אַזוי טאָן. זעענדיק מײַן מצב, האָבן זיי זיך געטראַכט, אַז אַלץ איינס זענען דאָס שוין די לעצטע שעהען פון מײַן לעבן.

— משוגעים! — שריי איך צו זיי אין מײַנע יסורים — ווי בין איך ביכולת ביי מײַנע פורעניותן צו עסן גאָר? און סאַראַ שייכות האָט דאָס אויפעסן די פאַרדאַרטע שטיקלעך ברויט מיט אַ רפואה צו מײַנע ווייטיקן?

— ס׳האָט אַ שייכות — זענען אַלע נאָך מער צוגע־שטאַנען צו מיר כ׳זאָל זיי פאָלגן און הערן זייער עצה — דאָס איז — דערקלערן זיי מיר נאָך אַ מאָל — כדי די כוחות זאָלן נישט אויסגיין ביי דיר און זאָלסט קאָנען איבערטראָגן די שמערצן.

ווי איינער, וואָס טרינקט זיך אין אַ טייך און וואָלט זיך אָנגעכאַפּט אַפּילו אין דער שאַרף פון אַ ראַזיר-מעסער, מיט אַזאַ געפיל האָב איך דעמאָלט געפאָלגט מיינע חברים, צו נעמען די „רפואה", וואָס זיי האָבן מיר געגעבן.

מילא, סאַראַ טעם איך האָב דעמאָלט געפילט אין די פאַרדאַרטע שטיקלעך ברויט און מיט סאַראַ חשק איך האָב זיי געגעסן, איז אויף אַלע שׂונאי־ישׂראל געזאָגט געוואָרן. אָבער פאַרפאַלן, ס'איז דאָך, ווי אַלע זאָגן מיר, פאַר מיין טובה וועגן. עלעהיי זאָל זיך מיר דוכטן, אַז דאָס איז ריצנ-אייל, אָדער אַן אַנדערע נישט באַטעמטע רפואה. איך האָב פאַוואָלינקע גענומען קייען די שטיקלעך ברויט איינס נאָכן אַנדערן — און ווונדער איבער ווונדער, ס'האָט געהאַט אַ פעולה. אמת טאַקע, אַז אַ לאַנגע צייט האָב איך ווי שוין דערמאָנט, נישט געקאָנט רירן מיטן גוף, אָבער ווי זאָגט מען עס? צו צרות איז מען שטאַרקער פון אייזן.

די שלעק, וואָס כ'האָב דעמאָלט אַריינגעכאַפּט פון לאַ-קערן איז געווען זיין „לעצטגעלט" פאַר מיר. פון דעמאָלטיקן טאָג אָן האָט מען אים מער נישט געזען אין שוסטעריי און נישט אין לאַגער בכלל. פאַרשוווּנדן איז ער מיט אַ מאָל און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט אים איז פלוצעם גע-שען. מען האָט געפּרוּווט זיך משער זיין, אַז ער איז געשיקט געוואָרן אין אַ צווייטן לאַגער אַריין, כדי ער זאָל אויך דאָרט באַווייזן זיינע „קענטעניש" פון פייניקן און מאָרדן יידן. אַנ-דערע האָבן שוין אים גאָר געהאַלטן פאַר אַ פגר. די מאַלאַריע, זאָגן זיי, וואָס פלעגט אים פרעסן, האָט אים מסתמא זאַדי-שעט און ער האָט ערגעץ אויסגעצויגן די קאָפּיטעס. ווי ס'זאָל נישט זיין, מיר זענען זיינע פטור געוואָרן, און זאָל ער זיין כל ישׂראלס כפרה — האָט מען אים נאָכגעווונטשן אַ ברכה.

אָבער אַזוי ווי ס'איז נישט שייך פּורים אָן אַ ויזתא, אַזוי האָט נישט געקאָנט געמאָלט זיין מיר זאָלן אין קאַצעט בלייבן חלילה, אָן אַ קאַפּאָ. האָט מען אונדז דעמאָלט מזכה געווען אַזש מיט גאַנצע צוויי קאַפּאָס. אַ ביליצער פּאָליאַק פאַר אַן אָבער-קאַפּאָ, און דער צווייטער, אַ האָלענדער — סתם אַ קאַ־פּאָ. חברה האָבן זיך געוויצלט, אַז מיט פליישערן, דעם יידישן אונטער-קאַפּאָ, האָבן מיר שוין ב"ה אַן אינטערנאַציאָנאַלן מזומן מיט קאַפּאָס...

דער ביליצער פּאָליאַק איז געקומען אין קאַצעט אַריין אין זכות פון זיינע „לינקע" אָנשווּונגען. אַזוי יעדן פּאָלאַק פלעגט ער ביי אַלע געלעגנהייטן דערציילן און אַפילו זיך אויך גרויסן דערמיט. זיין „לינקיזם" האָט מען אָבער אויף אים נישט שטאַרק אָנגעזען. זיין כסדרדיק שטענדיק איראָניזירן און חוזקן פון אונדז, ווי פון אומווערדיקע באַשעפעגישן, האָט גי־כער באַוויזן זיין אַנטיסעמיטישן אָדער, איידער זיין „מאַרק־סיזם", מיט וואָס ער האָט זיך באַרימט.

צו דעם אַלעם איז ער געווען נישט קיין קליינער שוטה אויך. זיין טיפּשות האָט ער איין מאָל בולט באַוויזן אין דע־פּעקטן-קאַמער (אַ בלאָק, ווּ ס'זענען אָנגעקומען פון דער קרע־מאַטאָריע צעריסענע אָדער נישט נוצלעכע מלבושים פאַר דער שניידעריי און שוסטעריי, אויסצואַרבעטן פון זיי זאַכן פאַרן לאַגער). ווי נאָר דער ביליצער פּאָליאַק מיט די „לינקע" אָנ־שווּונגען האָט דאָרט גענומען קיניגן, האָט ער באַלד באַזיי־טיקט פון יענעם בלאָק די יידישע באַשעפטיקטע און באַזעצט אים מיט פּאָליאַקן. עטלעכע פון זיי האָבן געאַרבעט ביים צע־נעמען טשעמאָדאַנען, וואָס האָבן געניצט פאַר דער שוסטעריי שטאָט טאָוול. איין מאָל האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַן איבער־נאַטירלעך שווערן טשעמאָדאַנטשיק, וועלכן זיי האָבן פּשוט

מורא געהאַט אים פונאַנדערצוגעמען. ווער קאָן דען וויסן, וואָס ס׳געפינט זיך אין אים און צוליב וואָס ער האָט אַזאַ שווערן געוויכט? זיי האָבן דערמיט געוואָרט אויף אים אַליין, אויפן אָבער־קאַפּאָ בכבודו ובעצמו, הייסט עס. זאָל ער זיין דערביי און אָנווייזן ווי אַזוי זיך דערמיט נוהג צו זיין.

ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם רעטעניש מיטן מיסטעריעזן טשעמאָדאַנטשיק, איז ער תיכּף אַהין און באַפוילן זייער פאַרזיכטיק אים פונאַנדערצונעמען און זען, וואָס אַזוינס ס׳גיט אים אַזאַ שווערע משׂא. צו אַלעמענס שטוינונג האָט זיך פון אים מיט אַ מאָל גענומען שיטן אַ היפּש ביסל שטאָבעס פון גאָלד און פּלאַטין, וואָס זענען געווען קונציק פאַרמאַס־קירט מיט טאָפּלטע ווענטלעך אינעם טשעמאָדאַנטשיק.

מילא, אַזעלכע זאַכן האָבן זיך געקאָנט טרעפן. דאַקעגן האָט זיך דאָרט נישט געקאָנט טרעפן אַזאַ אידיאָט, ווי דער אָבער־קאַפּאָ. ער הייסט אַריינלייגן דעם אוצר אין אַ זעקל, נעמט דאָס זעקל אויף די פּלייצעס, ווי אַ זעקל קאַרטאָפל, גייט דערמיט קודם אַריין אין דער שוסטעריי און איז מכריז ומודיע בקול רם וועגן דער געשעעניש מיטן געפונענעם אוצר. מיט זיין פּאַלשן שמייכל גיט ער אַ פרעג:

— איר, סקורוויסיני, וואָלט דאָס זיכער מיר נישט אָפּ־געגעבן, האַ? אָבער די פּאָליאַקן זענען פאָרט אָנשטענדיקער, נישט אמת?

די גרעסטע „חכמה" האָט ער דערנאָך באַוויזן, ווען ער האָט דעם זאַק מיטן גאָלד און פּלאַטין אַריינגעטראָגן אין דער שרייבשטובע און אָוועקגעגעבן די ס. ס.־לייט. און אָט דער קלוגער אויפטו איבערצוגעבן אין די נאַצישע הענט אַריין אַזאַ פאַרמעגן, איז געקומען פון איינעם, וואָס פלעגט זיך יעדן מאָנ־

טיק און דאַנערשטיק פּראָקלאַמירן ווי אַ „לינק געשטימטער מאַרקסיסט".

פון דער אַנדערער חברה לאַגער־פּראָמינענטן פלעגט מען אויסשטיין אַנדערע צרות. אַפילו אין די נעכט האָט מען נישט געהאַט פון זיי קיין מנוחה. מער ווי איין מאָל האָט זיך גע־טראָפן, אַז אַזאַ אויסוווּרף זאָל זיך פאַרגלוסטן ביי נאַכט צו מאַכן אַ שפּאַציר אין בלאָק צווישן די בוקסעס. ווען ער האָט דאָרט געטראָפן אַרויסשטרעקן אַ האַנט אָדער אַ פוס פון די טויט־מידע קאַצעטלער, פלעגט ער מיט זיין שטעקן דערלאַנ־גען אין זיי אַ זעץ און שיִער נישט אָפּגעהאַקט די גלידער. פון געשריי, וואָס דער געטראָפענער האָט דערפון געגעבן, פלעגט מען אַרויסשפּרינגען ממש פון דער הויט. פאַר גרויס פחד, ס'זאָל אויך נישט באַלד געשען מיט דיר דאָס זעלביקע, איז מען שוין נישט מער צוריק איינגעשלאָפן.

אַ גרויליקער עפּיזאָד איז אויך פאָרגעקומען ווען איין מאָל האָט אַ קאַצעטלער זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוטראָגן דאָס פעסל אָפּפאַל פון בלאָק, מיט וואָס מען האָט אים צו אָפט „מכבד געווען". פאַר וואָס טאַקע? גאָר פשוט, ווייל ס'זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן זיך אויסקויפן ביי דער נאַכט־וואַכע פטור צו זיין דאָס צו טאָן, האָט ער דערצו גענומען די אַנדערע, וואָס האָבן נישט געגעבן קיין אויסלייזגעלט און זיי זענען אַזוי אַרום אָפט געקומען אין דער ריי. נו, פאַרן מורד זיין אין דער נאַכטוואַכע האָט ער דעמאָלט די גאַנצע נאַכט געמוזט ליגן אין דרויסן אויפן פראָסטיקן שניי האַלב נאַקעט. ווען נישט דאָס וואָס אַ חבר האָט זיך אויף אים מרחם געווען, זיך איינגעשטעלט און אים געבראַכט נאָך האַלבער נאַכט בגניבה זיין קאָץ און אים דערין פאַרוויקלט, וואָלט פון יענעם

זיכער דעמאָלט געוואָרן אַ שטיק אייז. גיי שריי חי וקיים, אַז ס'זענען נישט פאַראַן די אויערן וואָס זאָלן דאָס הערן. פאָרן וועלן אינטערוועניר דערוועגן קאָנסטו אליין אויך באַקומען דעם זעלביקן פסק.

געבראַנטע צרות פלעגט מען אויסשטיין פון די שטובֿ־דינסטן. אויך זיי פלעגן זיך האַלטן פאַר באַרופן דיך צו פּײ־ניקן. זייער „יחוס" איז געווען גרויס, וואָס זיי קאָנען איבער דיר הערשן און באַפעלן און דו טאָרסט זיך זיי נישט אַקעגנ־שטעלן, נאָר נעמען פאַר ליב אַלץ, וואָס זיי זאָגן און טוען מיט דיר. לא די, וואָס די סופּער־משרתים פלעגן נעמען „מעשׂר" פון דיין שוין אַזוי אויך נעבעכדיקער פּייקע ברויט און דער־פאַר זיך איינגעשאַפט פּאַפּיראָסן, וואורשט וכדומה, האָבן זיי נאָך דערצו אונדז טראַקטירט ווי נידעריקערע פון זיי. אַן אויסגעמאַטערטן קאַצעטניק, וואָס זיין חיונה נאָך אַ טאָג קאַ־טאָרגע אַרבעט איז באַשטאַנען פון אַט דעם געמלטן כזית ברויט, האָבן זיי געזידלט מיטן נאָמען „מוזולמאַן". ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אים געזאָגט דעם פּזמון: „ווען סיי ווי באַלד פליִען אין הימל אַריין". ס'האָט זיך ממש געבעטן זיי צו ענטפערן: „פּאַדליעץ איינער וואָס דו ביסט! רויב אים נישט צו זיין ביסן, וועט ער דאָך אפשר נישט זיין קיין ,מו־זולמאַן'".

אויך ביי דער קרעץ־עפּידעמיע, וואָס איז אויסגעבראָכן צוליב די היגיעניש־קלאָגענדיקע באַדינגונגען, האָבן מיר געהאַט צו זינגען און צו זאָגן פון די אויסוואורפן. די דאָזיקע עפּידעמיע איז געווען אַ פּלאָג אין לשער און האָט געקאָנט דערפירן ביז משוגע צו ווערן פון אַט די פּיינען. מ'האָט עס אויך געמוזט האַלטן שטאַרק בסוד מחמת די קרעמאַטאָריע האָט דערפאַר אויף דיר געוואַרט. קיין רפואה צו באַקומען דערויף איז קיין

רייד נישט געווען. מען פלעגט אוועקגעבן דעם לעצטן ביסן ברויט פאַר עפּעס אַ שמירעכטס דערויף, וואָס האָט סיי ווי נישט געהאָלפן. אַ סך פלעגן נוצן פאַר דער רפואה דעם אויקעץ מאַרגאַרין, וואָס מען האָט באַקומען. מען האָט געקאָנט הערן ווי אַזאַ רשע האָט די קאַצעטניקעס, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן פון אָט דער צרעת-מחלה גערופן „קרעציקע נבלה!"

וואָס שייך די ס. ס.-פּראָמינענטן — איז דאָך שוין אָפּגערעדט. זייערע גרויזאַמקייטן זענען שוין היינט באַקאַנט. דאָך איז כדאי איבערצוגעבן איינצלנע פאַקטן, וואָס זענען אפשר ווייניקער מפורסם.

ס'האָט געטראָפן מיט אַ ייד, וואָס איז אין איינעם אַ טאָג אָן רחמנות געפּייניקט געוואָרן פון אַזאַ רוצח. זעענדיק ווי ס'נעמט נישט קיין סוף דערצו, האָט דער ייד געבעטן ביים רוצחס הונט, יענער זאָל פועלן ביי זיין באַלעבאָס, ער זאָל אויפהערן אים אַזוי צו מאַרדעווען. און ס'איז געווען צו שטוינען, ווי אַזוי דער הונט האָט טאַקע אויסגעדרייט זיין מאָרדע, גלייך ער וואָלט פאַקטיש געבעטן גנאָד ביים ס. ס.-מאַן פאַר זיין קרבן. דער הונט האָט, הייסט עס, באַזעסן מער האַרץ און מענטשלעך געפיל ווי זיין האַר, וועלכער האָט פון דעסטוועגן נישט געשפּאָרט די קויל צו דערשיסן לסוף דעם יידן, פאַר זיין „חוצפּה" צו רעדן צו אַ הונט פון אַ ריינעם אַריער.

נישט איין מאָל פלעגט מען מקנא זיין די הינט, וואָס מיט זייער הינטיש לעבן איז זיי אַ סך ווילער און בעסער פון אונדז. זיי עסן צו דער זעט, זיי באַקומען נישט קיין קלעפּ, זיי ווערן נישט געפּייניקט. פאַרקערט, מען צאַצקעט זיך מיט זיי, זיי מעגן זיך פריי באַוועגן, זיי ציטערן נישט פאַר דער קרעמאַטאָריע.

מען האָט אויך דערציילט וועגן אַ צווייט „בלימעלע״ פון נאַצישער „מענטשלעכקייט״.

דאָס איז געשען בעת אַן אַרבעט אין אַן אויסגעטריקנטן טייך, פון וואַנען מען האָט געמוזט אַרויסשלעפן פולע טאַטש־קעס בלאָטע, וואָס האָט צו גאָרנישט גענוצט — בלויז כדי דערמיט צו פאַרפייניקן מענטשן צום טויט.

שלעפנדיק אָט די טאַטשקעס באַרג־אַרויף פונעם גרוב, איז בקיין פאַל נישט מעגלעך געווען, ס׳זאָל אויפן וועג נישט אויסשיטן זיך די העלפט. נו, איז דאָס דאָך בפירושער „סאַבאָ־טאַזש״ און ס׳קומט דערפאַר די אמתע שמיץ.

האָט איין מאָל אַזאַ געפייניקטער און שוין פאַריאושטער צוליב די ליידן, געוואָלט צולויפן צום דערנעבנדיקן טייך און זיך אין אים דערטרינקען. דערזעט דאָס דער ס. ס.־מאַן, רופט ער אים צו זיך און פרעגט, וואָס ער האָט דאָרט בדעה צו טאָן? דערהערנדיק דעם יידנס תשובה, אַז ער וויל אַ סוף מאַכן צו זיין לעבן, מחמת ער קאָן שוין מער נישט איבער־טראָגן די אַלע פיינען, זאָגט צו אים דער רוצח: „קוואַטש! דו האָסט קיין רעכט נישט דאָס צו טאָן. צו דעם זענען מיר פאַראַן. לאָס שנעל צוריק לויפן״! — באַפעלט ער דעם יידן און דערשיסט אים.

# אַפּעלן

די געבראַכטע העפטלינגע אין קאַראַנטין-לאַגער פלעגן די ערשטע לעקציעס פון דעם „קונסטשטיק" מיט די היטלעך „מיצען אָפּ, מיצען אויף" האַלטן פאַר קאָמיש און נאַריש, ווי אַ קינדערשפּיל פון דערוואַקסענע מענטשן, וואָס האָבן אַ חוש זיך צו פאַרנעמען מיט אַזוינע נאַרישקייטן. „די היטלען האָט מען באַקומען רק צו דערגיין די יאָרן", פלעגן זיי זאָגן. די זעל־ביקע זאַך אויך מיט דעם כסדרדיקן ציילן און איבערציילן אונדז אויף די אַפּעלן, אויב דער חשבון שטימט. מיר פלעגן זיך שוין טייל מאָל אַפּילו האַלטן פאַר עפּעס אַ וואַזשנע מין סחורה, וואָס מען דאַרף היטן ווי אַן אבן-טוב, ס'זאָל חלילה נישט דערפון קיין האָר געמינערט ווערן. מיר האָבן נאָך נישט פאַרשטאַנען דעם זינען דערפון, וואָס עטלעכע מאָל אין טאָג, איז רק מען ציילט און מען ציילט אונדז אַהין און אַהער. דאָס איז געווען כדי אונדז צו האַלטן אויפן אויג און זען, אויב ס'האָט זיך וועמען פון אונדז פאַרגלוסט עוקר צו זיין פון דאָרט, ווי ס'איז שפּעטער אָפט מאָל געשען.

שטייענדיק דעם ערשטן טאָג אין יענעם נאָכמיטאָג אויפן אַפּעלפּלאַץ, האָבן מיר ווידער אַ מאָל געזען אַ שוואַרצן רויך גרייכן צו די וואָלקנס, נאָך שוואַרצער און גערדיכטער, ווי דער פון נעכטן, בעתן פירן אונדז פון דער ראַמפּע אין באָד אַריין. אין דער שטיל האָט מען געשעפּטשעט, געפּרוווט זאָגן נבי־אות, אָנווייזנדיק מיט די אויגן אין דער ריכטונג, פון וואַנען ס'איז געגאַנגען דער רויך, אַז אין יענער פאַבריק וועלן מיר מסתמא אַרבעטן. וואָס אַזוינס די פאַבריק אַרבעט אויס, האָט

מען, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט. טייל האָבן געהאַלטן, אַז וועדליק זיי פאַרשטייען, זענען דאָס גאָר בעקערייען צו באַדינען מיט ברויט די לאַגערן און אויך פאַרן מיליטער, וואָס געפינט זיך אין דער געגנט אַרום. אַלץ האָט מען זיך געקאָנט פאָרשטעלן אינעם דמיון, נאָר נישט, אַז דאָס זענען פייערצונגען, וואָס האָבן אויסגעפלאַקערט מענטשלעכע לעבנס, און אַפילו איצטער ווערן אין זיי דאָרט אויסגעשׂרפעט אונדזערע משפחות און אויסגעשפּיגן מיט אָט דעם שוואַרצן רויך.

דער „באָקסער", אונדזער בלאָקעלטסטער, אַ צופרידענער, וואָס זיינע בענדינער יאָטן האָבן אים נישט פאַרשעמט פאַרן בלאָקפירער און דער „מיצען אָפּ, מיצען אויף" האָט אויפן אַפּעל גוט געקלאַפּט, האָט דערפאַר באַפוילן אַלעמען אַריינצוגיין אין בלאָק. באַלד האָט מען גענומען טיילן די פּאָרציעס ברויט גרויס ווי אַ גענעץ, וואָס זענען פאַרשווונדן געוואָרן אין מויל ממש מיט איין שלונג.

זייענדיק נאָך „גרינע", האָבן מיר נישט געוווּסט, אַז דער כזית ברויט מוז סטייען ביז צו מאָרגנס אָוונט, האָט מען זיך געלאָזט ווויליגיין און דאָס אויפגענאַשט מיט אַ מאָל. דערפאַר האָבן מיר דערנאָך געפאַסט, ווי יום־כיפור, דעם גאַנצן מעת־לעת.

דער אַפּעלפּלאַץ איז תמיד געווען אַ מקום המוכן לפורעניות, אַ טרערן־אינדזל, אַזוי גוט אין קאַראַנטין־לאַגער, און נאָך מערער שפּעטער אינעם דע־לאַגער. שטייענדיק דאָרט שוין אַפילו נאָכן אַפּעל, פלעגט מען זיך תמיד ריכטן אויף עפּעס „נייעס", וואָס די ס. ס.־לייט מיט זייערע משרתים פלעגן איבערן טאָג צוטראַכטן, כדי אונדז דערמיט פאַר נאַכט „מהנה צו זיין". אַזוי איז געשען אין אַ פאַרנאַכט נאָך דעם ווי דער בלאָקפירער האָט אונדז שוין געהאַט איבערגעציילט אויפן

אפעל. ווען מיר האָבן זיך שוין געגרייט אריינצוגיין אין בלאָק, דאָרט צו באַקומען די געמלטע פּייקע ברויט, קומט פלוצעם צו לויפן דער ס. ס.-מאַן באַרעצקי ימ״ש און באַפעלט די ערשטע פינף רייען קאַצעטניקעס מיט אים מיטצוגיין.

געשטאַמט האָט דער דאָזיקער שונא-ישׂראל פון לאָדזש. אַלע זיינע יאָרן איז ער מסתמא געווען אַ פּאַראָבעק ביי יידן. דאָס האָט מען געקענט דרינגען פון זיין אָפט שטעכיק זיך באַנוצן מיט ספּעציפיש יידישע און העברעיִשע ווערטער. אויף אים און נאָך אַזעלכע איז ווי אָנגעמאָסטן דער זאָג: „אין אַ שטורעם באַווייזט זיך תמיד דאָס מיסט פון אויבן״.

דער אויסוואורף באַרעצקי האָט בולט באַוויזן זיין גזלניש הארץ אין יענעם פאַרנאַכט לגבי אונדז. ער פירט אונדז צום פּלאַץ, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די בתי־הכיסאות, און באַפעלט אונדז צו לויפן און פאַלן, אויפהייבן זיך און לויפן, און דאָס אַלץ צום טאַקט, לויטן צייכן פון זיין פייפל. אם לאו, ווערסטו געקאַטעוועט. טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק געווען, זענען דאָרט ווי פון טייוול צוגעשיקט, גראָד פאַרבייגעגאַנגען עטלעכע ס. ס.-לייט, באַרעצקיס קאַמעראַדן, און גענומען גאָר חוזקן פון אים מיט זיין „ספּאָרט-לעקציע״. „שייסע איז דאָס, נישט קיין ספּאָרט״ — וואַרפן זיי אים פאָר זיין „מילדע באַציִונג״ צו אונדז. ער נעמט טאַקע באַלד פּאָפּראַווען זיינע אכזריותן, וואָס האָבן געדויערט אָן אויפהער. אַלע האָבן שוין ממש גע־פּאַכעט מיט דער נשמה.

געפילט האָב איך, אַז ס׳זענען שוין סיי ווי די לעצטע מינוטן פון מיין לעבן, טאָ צו וואָס זיך נאָך לאָזן מאַטערן? ווי לאַנג איז דער שיעור צו ליידן? איך האָב זיך פּראָסט און פּשוט אַנידערגעזעצט אויף דער ערד, און גענוג, זאָל זיין, וואָס ס׳זאָל זיין.

ווי באַרעצקי האָט דאָס דערזעגן, איז ער מיט זיין גאַנצער חיהשער רציחה צו מיר צוגעלאָפן, גרייט מיך איינצושלינגען: „וואָס איז דען מיט דיר, דרעקזאַק? האָסט שוין קיין כוח נישט״?

— ניין, הער שטורמבאַנפירער — ענטפער איך אים מיט מיין לעצטן אָטעם — מאַכן זי מיט מיר וואָס זי ווילן, איך קאָן נישט מער.

אינעם דמיון האָב איך שוין געזען, ווי ער ציט אַרויס זיין רעוואָלווער און דערלאַנגט מיר די קויל.

קיינער האָט נישט געקאָנט משיג זיין, וואָס ס׳איז דעמאָלט געשען מיט אָט דעם באַרעצקי. צי מיין נישט שרעקן זיך מער פאַרן טויט זאָל דאָס האָבן אויף אים געווירקט, צי עפּעס אַנדערש. אַנשטאָט מיך אָוועקצוקוילענען, האָט ער גאָר צו מיר אַ געשריי געטאָן: „לאָס אין בלאָק אַריין״! — און מיך באַפרייט פון דער „זאַבאַווע״ מיט אַ שעה פריִער פון די אַנדערע מיינע „מיטספּאָרטלער״.

תשעה קבים צרות פלעגט מען אויסשטיין אויף די אַפּעלפּלעצער אין ווינטערדיקע טעג. דער לאַגער־עולם איז שוין מיט מזל צוריקגעקומען פון די קאַטאָרגע־אַרבעטן אין לאַגער אַריין, אויסגעווייקטע פון רעגן אָדער שנייִיקע זאַווערוכעס. אָט איז מען שוין ב״ה איבערגעקומען בשלום דעם אַפּעל אויך און געוואָלט וואָס גיכער אַריין אין בלאָק זיך צו באַשיצן פון דער נאַסער קעלט, וואָס האָט צעבראָכן די אברים, פלעגן אָבער די רשעים דווקא דעמאָלט לאָזן שטיין דעם עולם שעהען לאַנג, כדי מ׳זאָל אַדורכגעווייקט ווערן פונעם רעגן ביזן לייב. פון דער קעלט פלעגן אויפן וועג די קליידער ווערן שטייף ווי ברעטער.

נאָך ערגער איז געווען ווען מ'האָט איין מאָל נאָכן אַפּעל באַפוילן: יעדער זאָל גוט צונויפבינדן זיין אַנטועכטס מיטן לאַגער-נומער פון אויבן און זיי אַריינלייגן אינעם גרויסן קעסל פאַרעיפּושט וואַסער מיט עפּעס אַ שרעקלעכן ריח, צום ריי־ניקן זיי. ווידער באַלד דערנאָך ווערט מען מיט די נאַסע בגדים און נאַקעטן גוף אַריינגעיאָגט אין בלאָק. אויף צו מאָרגנס פּירט מען נאַסערהייט אַרויס צו דער אַרבעט אונטערן פרייען הימל און פאַר נאַכט שטייט מען ווידער אויפן אַפּעל גאַנצע שעהען. ווער שמועסט נאָך, אויב מען פלעגט דערהערן דאָס ליאַרמען פון דער סירענע, ווי אַ רמז, אַז ס'האָט ווער עוקר געווען פון לאַגער און ער פעלט צום מספר — דאַן האָט מען זיך שוין געקאָנט ריכטן צו בלייבן שטיין ווער ווייסט ווי לאַנג. אין אַזאַ פאַל פלעגן מיר דאָס אָבער גאָר אַנדערש אויפ־נעמען. טראָץ דער שטאַרקער מידקייט, האָט עס אונדז וווייני־קער געאַרט. פאַרקערט, מיר פלעגן נאָך דעם אַנטלאָפענעם ווינטשן הצלחה און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס דורך יענעם וועט אפשר עפּעס דערגיין צו דער דרויסנדיקער וועלט וועגן אונדזער ביטערן מצב אין קאַצעט. צו אונדזער גרעסטן פאַר־דרוס, האָט לײדער נישט זעלטן געטראָפן, אַז די אַנטרונענע זאָלן צוריק געכאַפּט ווערן. די היטלער-באַנדע פלעגט אין אַזוינע פאַלן וועלן אָנוואַרפן אויף אונדז אַן אימה, ווייזנדיק למען-ידעו מיט וואָס זיי זענען פעיִק דערפאַר צו באַשטראָפן. זיי פלעגן נאָכן אַפּעל צונויפנעמען אַלע קאַצעטניקעס אויף אַ פּלאַץ, ווו ס'איז שוין געווען צוגעגרייט אַ תליה, און בפני כל עם ועדה האָבן זיי דעם, וואָס האָט געפּרווּוט זיך אַרויס־באַקומען פון קאַצעט, אויפגעהאָנגען.

טראָץ דעם, וואָס דער אַפּעלפּלאַץ איז געווען אָנגעזאַפּט מיט יידישע ליידן, בלוט און טרערן, זענען פון דעסטוועגן

געווען ציטן, ווען קאַצעטלער פלעגן זיך אין אים קלאַמערן, נישט וועלנדיק זיך שיידן מיט אים. ער איז פאַר זיי מיט אַ מאָל געוואָרן טייער און געוואָלט זיין צו אים צוגעבונדן, ווי צו עפּעס אייגנס.

אַזעלכע מאָמענטן זענען געווען שייך ממחרת אַ סעלעק־ציע. אין יענע מינוטן האָט מען געקאָנט פילן שטייענדיק אויפן אַפּעלפּלאַץ, ווי אַזוי אָט דער שווידערלעכער מקום איז מיט אַ מאָל געוואָרן, ווי אַ היים פאַר די אויפגעשריבענע דורכן לאַ־געראַרצט בעת דער נעכטיקער סעלעקציע, וועלכע שטייען איצט נאָקעט אויף אָט דעם אָרט דעם לעצטן מאָל. זיי פלעגן באַקומען אַ ליבשאַפט צום פּלאַץ ווו זיי געפינען זיך נאָך לעת עתה און זיי וואָלטן זיכער גרייט געווען פאַר ליב צו נעמען אַלע ביז איצטיקע צרות, וואָס דער אַפּעלפּלאַץ פלעגט ברענ־גען, אַבי מען זאָל זיי דאָ ווייטער איבערלאָזן. זייערע טריבע און פאַרלאָשענע אויגן האָבן אפשר דעמאָלט געזען דעם הימל, ווי צו להכעיס, קלאָרער און העלער, ווי קיין מאָל נישט. פונעם ליידיקן הויפּטוועג, ווו זיי זענען איצט אויסגעשטעלט, קוקן זיי אַהער צו אונדז, צו די, מיט וועלכע זיי זענען אָקערשט געשטאַנען צוזאַמען, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט געזעגענען מיט אונדז.

ביי אונדז, די איבערגעבליבענע אויפן אַפּעלפּלאַץ, פלעגט דעמאָלט אַדורך אַ שוידער, צוליב זייער מאָדנער גלייכגיל־טיקייט. פאַר וואָס שטייען זיי אַזוי שטיל? פאַר וואָס לאָזן זיי נישט אויס זייער ביטער הארץ אין דער לעצטער מינוט פון זייער לעבן צו זייערע הענקער? וואָס האָבן זיי דען שוין צו פאַרלירן? קיינער האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרענטפערן מיטן שׂכל הישר.

אַ געקלימפּער פונעם גאַנג האָט אָנגעזאָגט פאַר די אי־

בערגעבליבענע אויף די אפעלפלעצער צוריק אריינצוגיין אין די בלאָקן.

די פריטשעס זענען איצט האַלב ליידיק און מוראדיק גרויס געוואָרן. די אָוועקגענומענע שכנים שטייען נאָך אין דרויסן און וואַרטן אָוועקגעפירט צו ווערן אויף זייער לעצטן וועג — צו דער קרעמאַטאָריע.

# וואַרשטאַטן

עטלעכע טעג נאָך אונדזער אָנקומען אינעם קאַראַנטין־לאַגער האָט זיך אין אַ פֿאַרמיטאָג באַוויזן דער לאַגערשטאַב און אַלעמען באַפֿוילן אַרויסצוגיין פֿון די בלאָקן אויפֿן הויפּט־וועג. שניידער און שוסטער דאַרפֿן זיך אויסשטעלן באַזונדער.

וואָס איז געשען? וואָס גרייט מען זיך דאָ צו טאָן מיט די שניידער און שוסטער? און ווייל דאָס איז געשען אַזוי פּלו־צעמדיק, האָט מען נישט געוווּסט, צי מיר זאָלן זיין צופֿרידן פֿון דער געשעעניש, אָדער נישט, און פֿון אָנהייב זיך געקווענ־קלט אָנצוגעבן זיך אַלס די דאָזיקע בעל־מלאכות. איז דאָך נאָך געלעגן אין זכרון דאָס „גליק" פֿון די אַרבעטס־שאָפּן אין געטאָ, ווו די „נוצלעכע יודען" האָבן געטיילט דעם זעלביקן גורל פֿון אַלע אַנדערע יידן, נישט „יחסנים". קאָן דאָך איצטער אויך אַזוי געשען. זעענדיק אָבער אין סאַראַ מצב און אין סאַראַ „דאַטשע־אָרט" מיר געפֿינען זיך, אַז מען האָט שוין אַלץ איינס קיין סך נישט וואָס צו פֿאַרלירן, זענען מיט אַ מאָל אויסגע־וואַקסן מחנות שניידער און שוסטער, גרייט צום פֿאַררעגיס־טרירן זיך.

מיר איז אויך דעמאָלט איינגעפֿאַלן זיך אָנצוגעבן אַלס שוסטער. און דאָס אין דער סאַמע לעצטער מינוט, ווי אַ מלאך וואָלט מיך אַ שטויס געטאָן דערצו זאָגנדיק: וואָס קאָן עס דיר שאַטן? וואָס האָסטו דערמיט איינצושטעלן? אפֿשר, טאָ־מער? איַי, דו ביסט נישט פֿון פֿאַך? וועסט זיך שוין אָן עצה געבן. דו ביסט דאָך צווישן יידן.

אַ שייכות צו שוסטעריי האָב איך געהאַט אויף אַזוי פֿיל,

וואָס אין מיין שטעקלאַטשן-פאַבריקל אין סאָסנאָווצע פלעגן אויך זיין באַשעפטיקט שוסטער-אַרבעטער. דערפאַר איז ביי מיר אַנטשטאַנען דער איינפאַל, כ׳זאָל זיך אויך מעלדן אַלס אַזעלכער.

הכלל, מען האָט מיך פאַרשריבן גלייך מיט אַלע אַנ־דערע, און שוין. מילא, וואָס ס׳וועט זיין מיט כל ישׂראל, וועט זיין מיט ר׳ ישׂראל.

ערשט הייבט זיך אָן אַ טרעפעניש, אַ שפּאָרעניש און אַ דינגעניש: ווּ וועלן מיר אַרבעטן? און פאַר וועמען וועלן מיר אַרבעטן? ביז דער „באָקסער", אונדזער בלאָקעלטסטער, האָט אונדז מגלה-סוד געווען און אויפגעקלערט דעם ענין.

היות ווי ס׳איז פאַראַן, זאָגט ער, צווישן די זאַכן, וואָס ווערן צוגערויבט ביי די מענטשן, וועלכע קומען דאָ אַהער, אויך אַזוינע, וואָס נוצן נישט פאַר די דייטשן, ווי למשל טלי־תים, קאַפּאָטעס, אָדער סתם צעריסענע מלבושים, האָבן זיי באַשלאָסן דערפון אויסצואַרבעטן קליידונג פאַר די קאַצעטני־קעס. דעסגלייכן וועלן שיך און שטיוול צעריסענע אָדער נישט קיין וואַזשנע ווערן איבערגעלאָזן פאַרן לאַגער. חברה, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביים סאָרטירן די זאַכן, האָבן טאַקע שוין געזאָרגט דערפאַר, ס׳זאָל זיין וואָס מער צעריסענע, כדי ס׳זאָל אַזוי אַרום בלייבן אינעם לאַגער.

וכך הווה. נאָך אונדזער „האָניק-חודש" אין קאַראַנטין־לאַגער ווערן מיר איבערגעשיקט אין דע-לאַגער, ווּ ס׳זענען דאָרט געגרייט געוואָרן די וואַרשטאַטן פון די דערמאָנטע מלאכות.

פאַרבייגייענדיק די גאַזקאַמער און קרעמאַטאָריעם האָט מען ערשט בולט געזען אונדזער בראָך. אויב ס׳האָט נאָך ווער פון אונדז ביז דעמאָלט געוואָלט זיך מאַכן אילוזיעס וועגן

אונדזערע נאַענטע, איז דאָס אין יענע מינוטן צערונען געוואָרן. מיר האָבן דערזען צווישן די פאַרפלאַכטענע צווייגן ליגן מתים ווי קלאַפּטערס האָלץ, וואָס וואַרטן אויף זייער ריי פאַרברענט צו ווערן. ווייזט אויס, אַז צו צרות איז דער מענטש דאָס שטאַרקסטע באַשעפעניש. והא ראיה, דאָס לאַגער־פירונג גייט זיך ווייטער זיין גאַנג, דו האָסט אַפילו קיין צייט נישט רעכט זיך אַרומצוקוקן און זען, וואָס דאָ טוט זיך, און באַגרייפן, וואָס מיט דיר טוט זיך.

בינו־לבינו ווערן טעטיק די געפלאַנטע וואַרשטאַטן — די שניידעריי און די שוסטעריי. אין דער שניידעריי איז טאַקע, ווי דער „באַקסער" האָט פאָרויסגעזאָגט, אויפגעגנייט געוואָרן פון די צעריסענע מלבושים אָנטועכטס פאַר די קאַצעטלער. ווי למשל העמדער, הויזן און אונטערהויזן, רעקלעך, זאָקן וכדומה.

אַ שרעקלעך געפיל האָט דיך באַהערשט, ווען ס'איז דיר אויסגעקומען צו טראָגן אַ העמד אָדער אונטערהויזן, אויס־געאַרבעט פון אַ טלית. דאָס האָט דיך אַלע ווײלע דערמאָנט אין דיין טאַטן, ווי ער פלעגט זיין אין אים איינגעהילט בעת זיינע טאָגטעגלעכע און שבת־יום־טובדיקע תפילות.

הגם אַזאַ בגד האָט דיר געגעסן דיין לייב, ווי ס'געשעט מיט וואָלענע שטאָפן, האָסטו עס פון דעסטוועגן אָנגענומען באהבה, געטראָגן אויף זיך ווי אַ גערעכעניש, אַ הייליקע ירושה פון דיין טאַטן. אין איינזאַמע אומעטיקע רגעס פלעגט זיך דיר צו מאָל אויסדוכטן, אַז ביסט נישט אַליין אין דיינע ליידן; אַז דיינע נאָענטע און אייגענע באַגלייטן דיך און וואַכן איבער דיר, ס'זאָל דיר קיין בייז נישט געשען. ס'פלעגט זיך דיר אַזש ווערן מיט זיי אַ שמועס טאָן, ווי תמיד אין ענלעכע

טרויעריקע טעג, און פון זיי דערהערן א טרייסט: די ישועה איז שוין נישט ווייט. דאָס פלעגט דיר א ווײַלע לינדערן דײַנע לײַדן. לײַדער איז עס אָבער געווען נישט מער ווי א דמיון, אַן אָפּשײַן פון א חלום, וואָס איז באַלד פאַרשוווּנדן דורך א געשריי פון קאַפּאָ אָדער בלאָקעלטסטן צי שטובנ־דינסט. ווי א זייפנבלאָז זענען געפּלאַצט די אַלע פאַנטאַזיעס און חלומות.

אין שוסטערײַ איז די אַרבעט באַשטאַנען דערפון, וואָס יעדער האָט באַקומען צוגעטיילט א סכום שרעקלעך שמוציקע, כמעט פאַרפוילטע שיך, זיי צו פאַרלאַטן און ברענגען אין אָרדענונג. די „סחורה" איז געווען אין אזא מצב, וואָס אַפילו פּראָפעסיאָנעלע שוסטער זענען דערפון קוים אַרויס־געקראָכן, מכל שכן אזא סגאָל „מײַסטער" ווי איך און נאָך אַזעלכע ווי איך. פלעגט מיר טאַקע דעריבער פינצטער ווערן בעת מ'האָט מיר דערלאַנגט די פּאַרציע שיך, נישט וויסנדיק ממש פון וואָס אָנהייבן און ווי אַזוי זיי צו מאַכן פאַר א „לייט".

דער ייִדישער אונטערקאַפּאָ פון דער שוסטערײַ, פּליי־שער, זעענדיק מײַן פאַרלעגנהייט, פלעגט ער ביים צוטיילן די אַרבעט זיך באַמיִען פאַר מיר צו געפינען עטוואָס לײַכ־טערע שיך צום פאַרריכטן. „דער בעסטער מײַסטער צווישן אַלע שוסטער" — פלעגט ער מיך באַטיטלען פאַר מײַנע קנאַ־פּע שוסטער־קוואַליפיקאַציעס. איין מאָל האָט אים עמעצער דערויף געענטפערט: „דערפאַר איז ער אָבער א באַגאַבטער טעאַטראַל". פליישערן איז דאָס וואָרט „טעאַטראַל" שטאַרק געפעלן געוואָרן. „טעאַטראַל שמאַטראַל, כא, כא, כא, א שיין ווערטל כ'לעבן" — האָט ער עטלעכע מאָל לאַכנדיק איבער־געחזרט. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער מיך שוין נישט אַנדערש

רופן ווי „טעאַטראַל". און אַזוי איז שוין געבליבן מיין נאָמען בײַ אַלע מיינע חברים ביז נאָך דער באַפרייונג.

זיין אין קאַצעט אַרבעטלאָז האָט נישט געטאָרט געשען. דאָ, ברודערקע, מוזטו זיין באַשעפטיקט, נישט אַרומדרייען זיך פּועל־בטל. אַנדערש, ביסטו גלייך אַ קאַנדידאַט פאַר די אויסערן־קאָמאַנדעס, פון וואַנען ס'פלעגן טאָג־טעגלעך צוריק געבראַכט ווערן אין לאַגער אַריין אַ צאָל טויטע, ווי למשל פון דער קאָמאַנדע „פישטייכן". דאָס איז געווען אַזאַ מין מאָרד־פאַבריקל, וואָס האָט געקוילעט מענטשן אָן צו ווערן פאַר־גאַזט. ביי דער אַרבעט דאָרט פלעגט מען מוזן שטיין ביזן האַלבן גוף אין וואַסער. אחוץ דעם פלעגן דאָרט די ס. ס. לער־נען זיך שיסן אין מענטשלעכע קעפּ אַריין.

פליישערן בין איך משמעות נאָך געווען אַ שאָד. ער האָט נאָך קענטיק געוואָלט געניסן פון מיינע שטעקלאַטשן, וואָס כ'פלעג דאָרט אויסאַרבעטן פאַר די לאַגער־געטער, און נאָך מער האָט ער אפשר געוואָלט נאָך קוויקן זיך מיט די מאָנאָ־לאָגן, וואָס כ'פלעג אָפט מאָל אויף זיין פאַרלאַנג פאָרלייענען. איז ווייסט אוים דערפאַר טאַקע געשען, אַז בעת עס האָבן אויפגעהערט זיין בעלנים אויף די שטעקלאַטשן, זאָל פליישער מיך דערוויייל באַשעפטיקן אין דעפעקטן־קאַמער ביים סאָר־טירן די זאַכן פון דער קרעמאַטאָריע. כ'האָב אויך געפועלט ביי אים, ער זאָל דאָרט אויך מאַכן אַרבעטן מיינע חברים שליאַמעק און הערשל.

די אַרבעט דאָרט איז, וואָס אַן אמת, געווען אַ לייכטע. אַ שפּילעכל קאָן מען זאָגן, קעגן די אַרבעטן אין די אויסערן־קאָמאַנדעס. זי איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן גע־דאַרפט פון די דאָזיקע זאַכן צוטיילן מאַטעריאַל פאַר די שוס־טער און שניידער־וואַרשטאַטן. מחמת קיין דירעקטע אויפ־

זיכט פון קאַפּאָ איז איבער אונדז נישט געווען, פלעגן מיר אַר־בעטן פּאַוואָלינקע. ביים סאָרטירן פלעגן מיר אָפט מאָל באַ־טראַכטן מיט פּיעטעט און רחמנות די פאַרשידענע זאַכן, וואָס האָבן געשטאַמט פון יידן און זענען דיר איצט געוואָרן אַזוי אייגן. יעדע זאַך דערציילט דיר וועגן אומקום פון זיין באַ־לעבאָס; יעדעס מינדסטע דערמאַנט דיך ווידער וועגן דער פאַרלוירענער יידישער וועלט; יעדע קלייניקייט, אַדורכגע־ווייקט מיט יידיש בלוט, איז ווי אַ ברוכטייל פון דיין לעבן. אַזוי למשל האָבן די שיך דערציילט זייער יחוס, ווי ס׳באַקלאָגן זיי די דיכטער:

אברהם סוצקעווער אין זיין ליד „אַ וואָגן שיך":

איך דאַרף ניט פרעגן וועמעס
נאָר ס׳טוט אין האַרץ אַ ריס:
אָ, זאָגט מיר, שיך, דעם אמת,
וווּ זענען זיי די פיס?
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
דורך קינדערשיך און שקראַבעס
כ׳דערקען מיין מאַמעס שיך!
זי פלעגט זיי בלויז אויף שבת
אַרויפצייען אויף זיך.

און משה שולשטיין אין זיין „כ׳האָב געזען אַ באַרג":

מיר זענען שיך, מיר זענען לעצטע עדות,
מיר זענען שיך פון אייניקלעך און זיידעס — — —

פון פּראָסטע יידן, פון קצבים־שינדער,
פון געשטריקטע שיכעלעך פון קינדער...

אַזוי אויך פלעגן אָנגעבן זייער שטאָם די קליידעלעך, וואָס מיידלעך און ווייבלעך האָבן זיי געטראָגן אויף די שבת־יום־טובדיקע שפּאַצירן איבער שטעטלשע גאַסן און אין יידישע היימען מיט זייער חן און פּראַכט.

נישטערנדיק דאָרט אין די זאַכן איז מיר איין מאָל גע־קומען אין האַנט אַריין אַ זיידענער דאַמען־שלאָפּראָק. דאָס דאָ־זיקע בגד איז געווען געניי פון זעלביקן שטאָף, קאָליר און מוס־טער, ווי דער שלאָפּראָק, וואָס מיין פרוי ע״ה האָט אויף זיך געטראָגן, בעת איר אומגליקלעכן אַרויסגיין פון בונקער אין יענעם תשעה־באָב, ווען די היטלעריסטן האָבן אונדז דאָרט אַנטדעקט און דעפּאָרטירט.

מיינע חברים און מיטאַרבעטער, שליאַמעק און הערשל, דערהערנדיק מיין געשריי און דערזעענדיק מיין פאַרענדערטע צורה, האָבן דערשראָקענע גענומען מיך מינטערן, מיך באַגאָסן מיט קאַלט וואַסער און געפרעגט, וואָס אַזוינס ס׳איז מיט מיר געשען.

— מיין פרוים שלאָפּראָק — האָב איך אַרויסגעשעפּטשעט און זיך פונאַנדערגעוויינט.

פאַרגליווערט בין איך דעמאָלט געוואָרן פון דער באַגע־געניש מיטן זכר פון מיין טייערער, ציכטיקער און צאַרטער לעבנס־באַגלייטערין, וועלכע די נאַציס האָבן דערמאָרדעט אין עלטער פון זעקס און צוואַנציק יאָר, צוזאַמען מיט אונדזער אַכטיאָריקן בן־יחיד שימעק. ס׳האָט ביי מיר אין יענער מינוט אויפגעטויכט דאָס שרעקלעך בילד, ווי אַזוי די מאַמע צוזאַמען

מיט איר קינד האָבן זיך געשטיקט אין גאַזקאַמער און דאָרט אויסגעהויכט זייערע ריינע נשמות.

שווער איז מיינע חברים אָנגעקומען מיך צו טרייסטן און באַרויִקן. איך האָב דאָס מלבוש, וואָס איז פאַר מיר געוואָרן דאָס טייערסטע און הייליקסטע אויף דער וועלט, מער נישט אַרויסגעלאָזט פון מיינע הענט. כ׳האָב דאָס צוגעדריקט צו מיין פאַרוויִיטיקט האַרץ, גלייך ווי כ׳וואָלט צוריקגעפונען מיין פרוי אַ לעבעדיקע.

מיינע חברים האָבן בגוואַלד אַרויסגעריסן דעם שלאַפראָק פון מיינע הענט און מיך געגומען מוסרן כ׳זאָל אויפהערן צו קלאָגן:

— וועסט סיי ווי קיינעם דערמיט נישט העלפן. מען מוז זיין שטאַרק צו די צרות. ווי באַלד נישט, וועט מען לייכט ווערן „מוזולמאַנען" און קאַנדידאַטן פאַר דער קרעמאַטאָריע. און פון וואַנען ווייסטו און ביסט אַזוי זיכער, אַז דאָס איז דווקא דיין פרויס שלאַפראָק? אַזאַ שלאַפראָק קאָן אויך האָבן געהאַט אַן אַנדערע פרוי. — שליאַמעק באַטראַכט דעם בגד און נעמט מיך פרעגן סימנים אויף אים. בשעת מעשׂה איז דאָס מלבוש אויס־געפאַלן נישט נאָרמאַל און פאַרדעכטיק, דערמיט, וואָס ס׳איז געווען צו שווער אין זייערע הענט. מיינע חברים האָבן גענומען חוקר־ודורש זיין, פון וואַנען ס׳נעמט זיך צו דעם דינעם זיידע־נעם שלאַפראָק אַזאַ שווערע וואָג. אויך די גרויסע שיינע קנעפּ, וואָס זענען געווען אויף אים, זענען אויסגעקומען מאָדנע שווער. ערשט נאָכן אַראָפּרייסן איינעם אַזאַ קנאָפּ, איז קלאָר געוואָרן דער ענין.

די קנעפּ, מיט וועלכע דער שלאַפראָק איז געווען פאַר־קנעפּלט פון אויבן ביז אַראָפּ, זענען געווען אויסגעאַרבעט פון צוויי טיילן געטאָקטע העלצלעך, באַצויגן מיטן זעלביקן שטאָף.

צווישן די צוויי טיילן האַלץ איז זיך געלעגן אַ צוואַנציק גאָלד־דאָלאַר־שטיק, וואָס האָט געגעבן די שווערע וואָג דעם מלבוש.

הגם כ׳האָב דאַדורך געקאָנט פעסטשטעלן צו האָבן באַווײַנט דעם שרעקלעכן גורל נישט פון מיין פרוי, נאָר פון אַן אַנדערער אומשולדיקער יידישער טאָכטער, צו וועלכער דער שלאַפראָק האָט פאַקטיש געהערט — איז פון דעסטוועגן אויף אַ האָר נישט געמינערט געוואָרן מיין צער און כ׳האָב נישט באַדויערט די פאַרגאָסענע טרערן, וואָס זענען נאָך לאַנגע מינוטן געהאָנגען אויף די וויִעס פון מיינע אויגן.

# אַקטיאָר

אָנגעהויבן האָט זיך עס שוין דעם ערשטן טאָג אינעם קאַראַנטין־לאַגער. אונדזער בלאָקעלטסטער, דער „באָקסער", איז גראָד געווען גוט אויפגעלייגט. ער האָט זיך משמעות אויך דערמאָנט אין זיין אַמאָליקער היים בענדין, זיין געבוירן־שטאָט, מיט איר דראַמקרייז „די בענדינער מוזע", ווו מען האָט געשפּילט טעאַטער, געזונגען און געטאַנצט אויף וואָס די וועלט שטייט. גיט ער דעמאָלט אַ זאָג: „נו, הירנזינס, זינגטס עפּעס".

חברה האָבן זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און גענומען דערלאַנגען פּאַר אים לידלעך, יעדער אויף זיין שטייגער און טאַלאַנט, אונטער דער אָנפירונג פון בערל פרידלער, מיינער אַ חבר, אַ געוועזענער אַקטיווער מיטגליד און בויער פון דער „בענדינער מוזע".

פון אונדזערע אָפטע שמועסן אויף דעם געביט האָט בערל פרידלער געוווּסט וועגן מיין נאָענטער שייכות מיט טעאַטער. אפשר האָט ער אויך געדענקט מיין בשעתו איינגעשטעלטן טעאַטער־אָוונט, מיט אַ גרופּע אַרטיסטן אין סאָסנאָוועץ, צו דער יאָרצייט פון אַהרן דוד גאָרדאָן.

ליגנדיק אַזוי מיט מיין שווער געמיט, אַ מידער און צעבראָכענער, אויף דער האַרטער פּריטשע, דערהער איך ווי דער דערמאָנטער בערל פרידלער רופט אויס מיין נאָמען מיט אַ ניגון, ווי מען פלעגט דאָס טאָן ביים אויפרופן איינעם צום ספר־תורה. וועגן וואָס האַנדלט זיך עס? מסתמא, אַז כ׳זאָל זיך אויך באַטייליקן אינעם „קאָנצערט" לכבוד דעם בלאָקעלטסטן. איך

האָב בכן זיך נישט געמאַכט הערן און נישט צוגעגאַנגען: מער ליגט מיר נישט איצטער אין זינען. ער רופט מיך נאָך אַ מאָל און איך ריר זיך ווייטער נישט פונעם אָרט. מוסרן מיך מײַנע מיטשכנים אויף דער פּריטשע, הלמאי איך לאָז זיך אַזוי שטאַרק בעטן און גיי נישט אַהין? דאָס קען מיר גוט צו נוץ קומען, זאָגן זיי, אויב כ׳וועל געפעלן ווערן דעם בלאָקעלטסטן.

זיי זענען שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר כ׳זאָל עס טאָן. זיי האָבן מיך פּשוט אַראָפּגעיאָגט פון דער בוקסע און איך בין לסוף אַוועק אַהין, זיך אַרײַנגעפּלאָכטן אינעם קרענצל, ווי חברה האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דעם „באָקסער" און געוואַרט אויף מיר.

צו פול איז מײַן האַרץ געווען מיט צער, עצבות און אומעט, אַז איך זאָל האָבן חשק און אויך שטימונג עפּעס צו זינגען, ווי דער „באָקסער" האָט זיך עס געוווּנטשן. איך האָב דעריבער גענומען רעציטירן די פּאַציפיסטישע סצענקע פון משה בראָדערזאָן „איך באַשולדיק". כ׳האָב דערמיט געוואָלט אומדריקן דעם גאַנצן ווייַ, וואָס האָט געדריקט אויף מײַן געמיט.

די דערמאָנטע סצענקע, וועמענס האַנדלונג קומט פאָר אין אַ פּאַריזער נאַכטלאָקאַל, און אויך דאָס, וואָס די נעמען פון די פּערסאָנאַזשן זענען פראַנצויזישע, האָט ווייזט אוים דעם „באָקסער" דערמאָנט אין פּאַריז, זײַן צווייטע היימשטאָט, פון וואַנען ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן אַהער קיין אוישוויץ. און אפשר צוליב דעם טאַקע איז די סצענקע אים געפעלן געוואָרן אויף אַזוי ווייט, אַז אַ טרער האָט זיך אַזש געשטעלט אין זײַנע אויגן. באַלד דערנאָך האָט ער באַפוילן דעם שטובנדינסט כאַמויש, זײַן אַלטן גוטן-ברודער, וועמען ער האָט איצט באַשטימט אַלס „שני-למלך", יענער זאָל מיר מאָרגן געבן נאָך אַ טעלער זופּ. פון „באָקסערן" אַליין האָב איך תיכף באַקומען אַ פּענעצל ברויט

מיט מאַרמעלאַדע. אַלע האָבן דערין געזען אַ סימן פון מיין דערגרייכטער „קאַריערע" און געזאָגט: „דיר וועט שוין דאָ גוט זיין"... און ס'איז טאַקע געשען. אין אַ טאָג ווען אין בלאָק איז אַריין דער לאַגער־קאַפּאָ און אַלעמען אַרויסגעטריבן צו שלעפּן שווערע שטיינער, וואָס דאָס האָבן געקאָנט דאָס האַרץ אָפּ־רייסן, זענען טאַקע מקויים געוואָרן יענע ווערטער פון די חבֿ־רים „דיר וועט שוין דאָ גוט זיין". דער „באָקסער" האָט צו מיר דעמאָלט אַ זאָג געטאָן בשתיקה: „דו לייג זיך אַריין אין בלאָק־שטיבל" — כדי כ'זאָל אויסמיידן די שווערע אַרבעט פון שלעפּן שטיינער.

די לאַגער־משפחה איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ גרע־סער און גרעסער. מיט די צאָל טראַנספּאָרטן יידן פון זאַגלעמ־ביע איז אויך מיטגעקומען דער בענדינער שטאָט־חזן. אויף „באָקסערס" פאַרלאַנג איז ער געוואָרן דער גאַסט אין אונדזער בלאָק צו דערלאַנגען אַ ביסל חזנות. פאַר וואָס נישט? האָט דאָך דער „באָקסער" שוין אַזוי פיל יאָרן, זייט ער איז אַוועק פון זיין געבוירן־שטאָט בענדין, נישט געהערט קיין חזן, טאָ פאַר וואָס זאָל ער זיך דאָס איצט נישט קאָנען פאַרגינען?

געזונגען האָט דער חזן דעמאָלט פאַר אונדז דאָס באַ־קאַנטע ליד „אלי, אלי". דאָס איז נאָך זיכער קיין מאָל נישט געווען אַזוי אַקטועל און צוגעפּאַסט, ווי צו אונדזערע דעמאָל־טיקע צעבראָכענע געמיטער. אויב אַ חזן, בפרט אַ „גוטער זאָ־גער", פלעגט אין אַלע צייטן, ביי נאָרמאַלע לעבנס־באַדינגונ־גען, זיין מסוגל מיט אָט דער תפילה צו רירן יידישע הערצער, האָט אין יענעם טאָג דער בענדינער חזן מיט זיין מתיקותדיקער שטימע ממש געקאָנט רירן אַפילו אַ שטיין. ווען ער האָט אַרויס־געזונגען דעם פּערז „אין פייער־פלאַמען האָט מען אונדז גע־ברענט" איז געוואָרן אַ יללה, אַז אַפילו דער „באָקסער" האָט

אויך געווישט זיינע אויגן פון טרערן. בפרט נאָך מיר, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט דערוווּסט דעם טרויעריקן אמת וועגן אונדזערע נאָענטע און אייגענע ; אַז דער שוואַרצער גערדיכטער רויך, וואָס מיר פלעגן זען טאָג-טעגלעך גרייכן צו די הימלען, איז נישט ווי מיר פלעגן זיך איינרעדן און טרייסטן, פון וועלכער ס'איז פאַבריק, נישט פון קיין בעקעריי, נאָר פון די קרעמאַ-טאָריעס, וואָס פאַרשלינגען טאָג-איין טאָג-אויס אַן אַ צאָל יידישע לעבנס, און ווער ווייסט וויפל זיי וועלן נאָך פאַרשלינ-גען. ס'איז פאַר אונדז אויך שוין קלאָר געוואָרן דער באַטייט פון די ווערטער, וואָס דער בלאָקעלטסטער פינקום האָט אַרויס-געזאָגט ביים אויפנעמען אונדז בנוגע אונדזערע נאָענטע, אַז „זיי אַרבעטן אין דער הימל-קאָמאַנדע".

הגם מיט די קאָנצערטן פאַרן „באָקסער" איז געווען ווי די מעשׂה מיט בלעמס אייזל, און אַנשטאָט זיך פאַרווײַלן און לאַכן, פלעגט דער „באָקסער" דערפון גאָר וויינען, האָט ער פון דעסט-וועגן באַדויערט דעם חזן, ווען מען האָט אים פון דאָרט פלוצעם אָוועקגעשיקט : „אַ שאָד דער ה.-זון — האָט ער געזאָגט — ער האָט שיין געזונגען"...

שוין בעת די פריִערדיקע טראַנספּאָרטן יידן, וואָס פלעגן קומען קיין אוישוויץ פון בעלגיע, האָלאַנד, פראַנקרייך און אַנ-דערע מקומות, פלעגן די לאַגער-געטער זוכן זיך משׂמח צו זיין דרך זייערע קרבנות און נישט גערעכנט זיך מיט יענעמס פיין און ליידן. אַזוי למשל איז געווען דער פאַל מיט דעם אין פאַריז באַליבטן שוישפּילער פון „פּיאַט" הערמאַן, וועלכער איז גע-ווען באַשאָנקען מיט אַ שיינער לירישער שטימע און זייער האַרציק געזונגען. מען האָט דערציילט, אַז ווען ער איז דאָרט שווער קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע, און עס האָט שוין

געהאַלטן ממש פאַר יציאת־נשמה, האָבן די קאָנאַליעס אים נאָך אַלץ געצוווּנגען ער זאָל פאַר זיי זינגען.

טראָץ דעם, וואָס אונדזער בלאָקשרייבער דוד דרוקער איז נישט געווען קיין וואַזשנע צאַצקע, האָב איך מיין ווייטערדיקע „טעאַטער־קאַריערע" אינעם דע־לאַגער, דוכט זיך, געהאַט אים צו פאַרדאַנקען. נאָך מיין שמועס מיט אים אין יענעם טאָג וועגן מיין אַמאָליקן טעאַטער־רעזשיסער פון לאָדזש, דרוקער, וואָס איז געווען, ווערדליק ער האָט מיר דעמאָלט געזאָגט, זיין קוזין, האָט ער משמעות דערציילט דעם בלאָקעלטסטן, אַז ס'געפינט זיך דאָ אין זיין בלאָק אַן אַרטיסט.

אין אַ זונטיק־נאָכמיטאָג, ווען מען איז שוין פּטור געוואָרן פון די „לויזע" און אַנדערע קאָנטראָלעס, וואָס זענען געווען שכיח אין אַזאַ טאָג און דער בלאָקעלטסטער האָט גראָד געהאַט ביי זיך צו גאַסט זיינע „פּאַך־קאָלעגן", ווער איך פון אים גע־רופן, כ'זאָל „עפּעס פאַרברענגען פאַר די לויטע". ס'באַפאַלט מיך אַ שטאַרקע טרעמע. איך ווייס נישט וואָס אַזוינס דאָ פאַר־צוברענגען פאַר אַזוינע „הויך געשעצטע לויטע" ס'זאָל זיי גע־פעלן ווערן. קיין גרויסן שייכות צו יידישע קלאַסישע ווערק האָבן זיי נישט. למשל, אַ פראַגמענט פון אַנסקים „דיבוק" אָדער לייוויקס „גולם" צי גאָר שלום־עליכמס „טוביה דער מיל־כיקער" איז פאַר די „לויטע" אַ קנאַפּער ענין. איז ווו זשע גע־פינט מען עפּעס, וואָס זאָל פּאַרט זיין פאַר זיי פּאַסיק? מיין „גירסא דינקותא" האָט מיר אָבער געבראַכט די ישועה: איך האָב זיך דערמאָנט אין לאַטיינערס היסטאָרישער דראַמע „אשה רעה". די דאָזיקע טעאַטער־פּיעסע איז געשריבן געוואָרן דייטש־מעריש און איז אין יענע צייטן אַזוי געשפּילט געוואָרן איבע־ראַל, אין אונדזער שטעטל בתוכם. איך האָב פאַרגעדענקט אויף אויסנווייניק די סצענע מיט דעם דיאַלאָג פון הויפּטמאַן אַנטיג־

נום מיט איזבל, די פרוי פון גענעראַל אבנר, בנוגע זייער גע־
פּלאַנטן בילבול וועגן אבנרם פאַרשווערונג קעגן קעניג און פאָ־
טערלאַנד.

געוווּסט האָב איך, אַז דער בלאָקעלטסטער איז כמעט
אַ דייטש. געשטאַמט האָט ער פון פּויזן און האָט גערעדט
אַ פליסיקן דייטש. אויך זיינע קאַמעראַדן האָבן צוליב זייער
„פאַך" געמוזט קענען די שפּראַך. האָב איך זיך געטראַכט,
אַז אויב וועל איך ביי זיי נישט אויסנעמען מיט מיין טאַלאַנט,
וועלן זיי לפּחות פאַרשטיין דעם טעקסט און איך וועל אפשר
אַרוים גלאַטיק פונעם עסק.

האָב איך דעמאָלט דווקא יאָ נושא־חן געווען אין זייערע
אויגן, און דערנאָך דערפאַר באַקומען באַצאָלט פון בלאָק־
עלטסטן נישט ווי זיין טבע איז געווען, מיט אַ שטעקן, נאָר
מיט אַ פּאָרציע ברויט. אחוץ דעם האָט ער נאָך דערצו מיך
דערקלערט פאַר אַ טאַלאַנטפולן שוישפּילער. און אַז אַ בלאָק־
עלטסטער פון אוישוויץ זאָגט, זאָגט ער...

דער אָפּקלאַנג פון זיין זאָג איבער מיין אַקטיאָרישקייט
איז אַזש דערגאַנגען צו די „קאַנאַדע"־לייט. די דאָזיקע קאָ־
מאַנדע איז אָנגעגאַנגען פאַר די „גבירים" אין קאַצעט, צו־
ליב די מעגלעכקייטן, וואָס זיי האָבן געהאַט צו „אָרגאַניזירן"
ווערטפולע זאַכן פון די אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן מענטשן.
צו זיי פלעגן קומען לאַגערניקעס נאָך דער אַרבעט זיי צו
באַדינען. ברענגען פאַר זיי פריש וואַסער וכדומה. אין זייערע
מענאַשקעס, אין וועלכע מען האָט באַדאַרפן ברענגען דאָס
וואַסער, פלעגט בלייבן עטוואָס געשמאַלצן עסן (וואָס די
רוסן פון לאַגערקיך האָבן ספּעציעל פאַר זיי געקאָכט). די
מענאַשקעס זענען דעריבער געוואָרן דורך די „וואַסער־
טרעגער" פריִער אויסגעוואַשן מיט די צונגען. שוין בלויז

צוליב דעם אַליין איז כדאי געווען דאָס צו טאָן. עפּעס אַ קלייניקייט אַ לעפל געשמאַלצן עסן? ווי איז דאָס דאָרט מעגלעך געווען צו דערגרייכן? אַחוץ דעם האָט מען נאָך געקאָנט פון זיי באַקומען אַ פּאַרציע לאַגערברויט אויך, וואָס די „קאַנאַדיסטן” פלעגן שוין נישט עסן מיט גרויס חשק. פאַרט נגידישע מענטשן... אַזוי, אַז דאָס באַדינען זיי איז געווען אַן ענין, וואָס האָט געלוינט.

פיינלעך, זייער פיינלעך, איז געווען, דאָס צוקוקן זיך, ווי אַזוי די „קאַנאַדע”-מענטשן זיצן זיך אויף די בוקסעס און עסן, אַז זייערע מיילער ווערן אַזש דערפון באַגאָסן מיט געשמילץ, בעת מיר אַרום קוקן און וואַרטן, ווי להבדיל די הינט, זייער באַלעבאָס זאָל זיי שוין וואָס גיכער צוּוואַרפן דאָסביינדל. פון דעסטוועגן האָט דער געדאַנק צו קאָנען ביי זיי עפּעס געניסן, געצויגן ווי אַ מאַגנעט און מיר פלעגן ביי זיי דאָרט זיין אָפטע געסט. איין מאָל האָבן מיינע חברים שליאָמעק און הערשל מיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט אַלס אַרטיסט.

געהערט דאָס וואָרט אַרטיסט, איז דאַווי, אַהער מיט אים. פאַר וואָס דען נישט? פאַר וואָס טאַקע זאָלן זיי זיך דאָס נישט פאַרגינען? די דאגת־פּרנסה, ווי ביי טויזנ־טער אַנדערע קאַצעטלער, איז דאָך ביי זיי נישט געווען. ווי באַלד דער מאָגן איז נישט ליידיק, קומט שוין ממילא דער חשק צו נאָך עפּעס. איז לאָמיר זיך טאַקע פריילעך מאַכן אַ ביסל, און דערלאַנגט זאָל ווערן!

באַלד ווערט איבערגעגעבן צווישן די פּריטשעס, פון איינעם צום אַנדערן, אַז ס'איז דאָ פאַראַן אַן אַרטיסט. דאַרף מען זיך הייסט עס פאַרהאַלטן שטיל, צו קאָנען אים הערן.

בינו לבינו, ווי ס'ווערט דאָרט געמאַכט אַ שטיקל פּלאַץ פאַר מיר, דערלאַנגט מיר איינער פון זיי אַ בינטל קשיות: וואָס אַרטיסט, ווען אַרטיסט, און ווו אַרטיסט? דאָס הייסט, פון וואַנען איך שטאַם, מיט וועלכער טרופּע איך פלעג שפּילן און סאָראַ פּיעסן? ממש ווי כ'וואָלט דאָ געהאַט פאַר זיך עמעצן פון דער טעאַטער-משפּחה.

בקיצור, כ'האָב זיך אויף דער גיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ ליגן. דהיינו, אַז כ'האָב געשפּילט אין דער „געשפּאָלטענער ווילנער טרופּע": חנן אין „דיבוק", לוי יצחק אין „די גרינע פעלדער", דאָס הייליקע שניידערל אין „קידוש-השם" וכדומה. איך בין דערמיט אויסן געווען צו באַקומען ביי זיי מער חשיבות, ווער אפשר אַזוי אַרום דער „האָנאָראַר" זיין אַ גרעסערער. אַנו, זאָל מיר עמעץ דאָרט אויפווייזן, אַז ס'איז נישט אמת. סך-הכל קענען זיי דאָך מיך נישט.

„אָ וואָ!... — הער איך ווי ס'זאָגט איינער צום אַנדערן איבער דער בוקסע — אַן אַרטיסט פון דער ווילנער טרופּע איז ער". כדי זיי צו מאַכן גלייבן דערין, האָב איך פאַר זיי גענומען רעציטירן אַ פראַגמענט פון „דיבוק". אינעם האַרצן האָב איך געבעטן מחילה ביי אַנסקין, ער זאָל מיר מוחל זיין, וואָס כ'וועל רעציטירן זיין אומשטערבלעך ווערק ביי די דאָזיקע באַדינגונגען. און ווער ווייסט? אפשר איז מיר בייגעשטאַנען זיין זכות? ס'איז געווען צו שטוינען איבער דעם ענטוזיאַזם ביים עולם צוהערער. איך בין פון זיי באַשאָנקען געוואָרן נישט נאָר מיט בראָווּאָ-אויסרופן, נאָר אויך מיט מתנות, און דאָס דווקא וואַזשנע מתנות, ווי אַ שאַכטעלע סאַרדינען, אַ שטיק פערדווורשט, עטלעכע פּייקעס ברויט, אַ ביסל מאַכאָרקע און עטלעכע פּאַפּיראָסן. — אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס פלעגן דאָרט זיין חשובער פון גאָלד. מיינע חברים,

וואָס האָבן מיר דאָס צוגעשדכנט, זענען געווען דערצו גלייכע שותּפים.

כּדי ווייטער צו קאָנען זיך מפרנס זיין מיט מיין „מסחר" ביי די „קאַנאַדיסטן" האָב איך נאָכגעזוכט אינעם זכרון יעדעם מאָל זיי צו דערלאַנגען עפּעס אַנדערש און מיינע „ברויטגעבער" נישט פאַרנודען אַלע מאָל מיטן זעלביקן רעפּערטואַר. פאַר יידישע ימים־טובים האָב איך זיך באַמיט צו געפינען עפּעס מעניני־דיומא. אַזוי פלעג איך למשל חנוכה פאַר זיי האַלב זינגען און האַלב רעציטירן דאָס באַוווּסטע ליד פון מאָריס ראָזענפעלד:

אָ, איר קליינע ליכטעלעך,
איר דערציילט געשיכטעלעך,
מעשׂהלעך אָן צאָל...

פאַר אָט דעם ליד האָב איך דעמאָלט באַקומען אַ טאָפּלטע שׂכר־טירחה: קודם־כּל פון מיינע צוהערער, עפּעס דאָס האַרץ זיך צו דערכאַפּן, אַחוץ דעם — נאָך אַ באַלוינונג, וואָס האָט מיך בפירוש דערהאַלטן ביים לעבן.

איבער אונדזער בלאָק איז נאָר וואָס געהאַט באַשטימט געוואָרן אַלס בלאָקעלטסטער אַ טייערער און האַרציקער ייד. דער דאָזיקער איידעלער מענטש האָט קיינעם נישט שלעכט באַהאַנדלט. פאַרקערט, ער פלעגט זיך גאָר נאָך בעטן ביי אונדז, מען זאָל אים פּשוט נישט ברענגען צו קיין נסיון, אַז ער זאָל דאַרפן זאָגן שלעכטע ווערטער. „זענען מיר דאָך שוין אַזוי אויך גענוג פאַרחושכט און געפּייניקט", פלעגט ער מיט צער זיך אויסדריקן. מיט איין וואָרט: אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע לאַגער־הערשער, ממש אַ למד־וואָווניק. ער האָט, אַ.ז.ב., נישט לאַנג זיך געהאַלטן אין אונדזער בלאָק, קוים עטלעכע

װאָכן. װײַזט אױס, אַז פּאָר די קאַצעט־דרכים מיט זײערע אכזריותן, איז אָט דער גוטהאַרציקער ייִד כּלל נישט געװען פּאַסיק צו פאַרנעמען דאָס „כּסא־הרבנות" פון אַ בלאָקעלטסטן.

װי אַ פרומער ייִד האָט דער דערמאָנטער בלאָקעלטסטער זיך באַמיט װי װײַט מעגלעך צו פירן ייִדישקײט. דאָס האָט מען זיך טאַקע פון אים דערװוּסט, אַז ס'איז חנוכּה, זעענדיק אין זײַן בלאָקשטיבל אָנגעצונדענע קלײנע ליכטעלעך.

דער פּאָר מיר גליקלעכער צופאַל האָט געװאָלט, אַז אָט דער ייִד זאָל גראָד דעמאָלט זײַן אין בלאָק פון די „קאַנאַדים־טן" און זיך צוהערן צום דערמאָנטן ליד װאָס איך האָב דע־מאָלט געלײענט װעגן חנוכּה. דאָס האָט אים אַ פּנים דער־מאָנט אין די ייִדישע „װוּנדער פון אַמאָל": מלכות ישׂראל, ייִדישע גבֿורה. ער האָט זיך דערבײַ אפשר אױך געפרעגט דאָס זעלביקע, װי אינעם פינאַל פון ליד:

טיף אין האַרצן בענקט עס זיך,
און מיט טרערן פרעגט עס זיך:
װאָס װעט איצטער זײַן?...

פון גערירטקײט האָט ער מיר דערפאַר געװאָלט עפּעס העלפן. זעענדיק מײַן נעבעכדיקן הילוך, װי כ'טראָג אױף זיך אַ דין רעקל מיט אַ שיפּל־היטל אױפן שפּיץ קאָפּ, מעשׂה סאָל־דאַט, און דאָ שטעלט זיך שױן דער װינטער גאָר װאַזשנע — רופט ער מיך אַרײַן אין זײַן בלאָקשטיבל און דערלאַנגט מיר אַ שפּאָגל נײַע קורטקע אױסגעבעטט מיט װאַטע, מיט אַ הױכן פאַרמאַכטן קאָלנער. „נאַ! — גיט ער צו מיר אַ זאָג — טו עס אָן, װעסט דערמיט שױן נישט געפרירן װערן — און אַ צופרידענער שמײכל האָט זיך דערבײַ צעגאָסן אױף זײַן אײדל פּנים. — אױך דאָס איז פאַר דײַנעטװעגן" — װײַזט

ער מיר אָן אויף אַ פּאָר הויזן און אַ נאַרטן־היטל מיט לאַפּן איבער די אויערן. ווי כ'האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט דער ייִד די זאַכן געהאַט „אָרגאַניזירט" פאַר זיך אַליין און ער האָט זיי מיר אַוועקגעשאָנקען.

מיין פרייד איז דעמאָלט געווען אין לשער. כ'האָב נישט געגלייבט מיינע אויגן, אַז כ'זאָל האָבן מיט אַ מאָל אַזוי באַגליקט געוואָרן. פּונקט ווי באַנטשע שוויג ביי זיין משפּט פאַרן בית־דין של מעלה, אַזוי האָב איך אויך אין יענער מינוט געמיינט, אַז „ס'איז אַ חלום, וואָס וועט באַלד פאַרשווינדן". ערשט נאָכן דערפילן, אַז ס'איז נישט קיין חלום און די דאָזיקע ווערטפולע מלבושים געהערן אויף אַן אמת צו מיר, איז מיין שׂמחה געווען אַזוי גרויס, אַז כ'האָב פּשוט נישט געפונען בעת מעשׂה קיין ווערטער ווי אַזוי דעם טייערן ייִד דערפאַר אָפּצודאַנקען.

— נו, זאָגט ער צו מיר מיט זיין גוטמוטיקייט — נישקשה, וועסט מאָרגן אָוונט לכבוד שבת־חנוכה מיט עפּעס משׂמח זיין דעם עולם אין בלאָק.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, הער בלאָקעלטסטער! — האָב איך תיכּף מסכּים געווען אויף זיין פאַרלאַנג. און ס'האָט זיך מיר פונעם האַרצן אַרויסגעגליטשט די ברכה — ס'זאָל אייך תמיד אָקעגנקומען דער שׂכר פאַר דער מצווה פון דערהאַלטן אַ ייִד ביים לעבן.

יעדעס מאָל, שטייענדיק אויפן אַפּעלפּלאַץ אין די פּראָסטיק־שנייִקע זאַווערוכעס און קעלטן, פלעג איך ווינטשן דערפאַר דעם יידן כל הברכות שבעולם. זעענדיק ווי די אַנדערע הונדערטער קאַצעטלער לעבן מיר וואַרפט עס ממש פון קעלט, האָב איך באַנומען און געפילט נאָך טיפער דעם גרויסן חסד, וואָס דער ייִד האָט מיר געטאָן.

דערפֿאַר האָב איך אויפֿן בעסטן אופֿן געוואָלט זיך רע־האַביליטירן לגבי דעם ליבהאַרציקן בלאָקעלטסטן. בלב ונפש בין איך געווען פֿאַראינטערעסירט דעם אײדעלן מענטשן צו פֿאַרשאַפֿן אַ ביסל הנאה. ביז איך כמעט יענע גאַנצע נאַכט געווען וואַך, הין פֿאַר גרויס שׂמחה צוליבן באַקומען די מתנות פֿונעם בלאָקעלטסטן און אויך פֿונעם טראַכטן, וואָס אַזוינס צוצוגרייטן אויף צו מאַרגנס משׂמח צו זיין דעם עולם. און ס'איז מיר געקומען אויפֿן זכרון אַ קידוש־פּאַראָדיע, וואָס מיין פֿאָטער ע"ה האָט מיך אַ מאָל אויסגעלערנט, כדי כ'זאָל דער־מיט פֿריילעך מאַכן זיינע חברים, די חסידים, ביי זייערע פֿאַר־שידענע שׂמחות. דאָס איז געווען אַזאַ מישמאַש (פּאַפּורי בלע"ז), וואָס פֿאַרבינדט אויף אַ קאָמישן אופֿן אַלע יידישע ימים־טובים, פֿאַרבראָקט מיט פּסוקים און תּפֿילות. איך האָב געגלייבט, אַז דאָס וועט זיין צוגעפּאַסט פֿאַרן בלאָקעלטסטנס געשמאַק לכבוד שבת־חנוכּה.

בין איך טאַקע געווען גליקלעך צו זען דעם בלאָקעלטסטן, צו וועמען מיינע בליקן און זשעסטן זענען דעמאָלט געווען ספּעציעל געווענדט, ווי אַזוי דער „קידוש" האָט ביי אים אַרויס־גערופֿן געלעכטער און הייטערקייט.

אַחוץ דעם „קידוש" האָב איך דעמאָלט אויך פֿאַרגע־לייענט נאָך עפּעס אַ מאַנאָלאָג, מיט דער כּוונה ס'זאָל מיר גע־ראָטן מיט דער קאָמישקייט פֿון טעקסט אַרויסצורופֿן אַ שמייכל ביי די פֿאַרחושכטע מענטשן. אויך שפּעטער, ווי נאָר ס'האָט זיך דאָרט געמאַכט אַ יומא־דפּגרא, אַ פֿרייע שעה, (אויב ס'איז חל דערויף דער אויסדרוק), פֿלעג איך דאָס דער־לאַנגען, כּדי דעם עולם דערמיט אַ ווײַלע אויפֿצוהייטערן און אַרויסברענגען פֿון דער טאָגטעגלעכער מרה־שחורה.

# „גאָלדענע געשעפטן"

פאַרשידענע „מסחרים" זענען אָנגעגאַנגען אין לאַגער. דער פאַרצווייפלטער האַנדל פון בייטן דאָס שטיקל ברויט אויף עפּעס אַנדערש, מערסטן טייל אויף עפּעס צום רויכערן, איז געווען אַן ענין פאַר די „אָרעמע־לייט", פאַר די יעניקע, הייסט עס, וואָס זענען נישט געווען מסוגל, אָדער נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו קאָנען לייטיש „אָרגאַניזירן" (לאַגער־באַצייכענונג פאַר אויסטויגן זיך, איינשאַפן זיך נייטיקע זאַכן). די דאָזיקע פלעגן פאַר אַ שטיקל פּאַפּיראָס אָדער אַ ביסל מאַכאָרקע אוועקגעבן זייער ביסן ברויט (אַ סך האָט דאָס דערפירט צו דער קרעמאַטאָריע). דאַקעגן די סוחרים פון אַ העכערער מדרגה האָבן זיך ווייניק פאַרנומען מיט אַזעלכע נישטיקע „מסחרים". פאַר זיי איז גיכער געווען אַן ענין צו באַזאָרגן דעם סאָרט העפטלינגע, וואָס האָבן זיך דאָס געקענט פאַרגינען, ווי למשל די „קאַנאַדיסטן", מיט אַ פּעקל פּוטער, אַ ווייס ברויטל, אַ שטיקל פּוילישן קאָלבאָס וכדומה, פאַר וואָס זיי פלעגן באַקומען גאָלדענע רינגלעך, אַ סך מאָל אַפילו מיט שטיינדלעך. די דאָזיקע רינגלעך פלעגן די סוחרים ווידער פאַרהאַנדלען אויף די אַרבעטספלעצער צו די דייטשן, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ באַציִונג און דערפאַר פון זיי באַקומען כל־טוב, דהיינו: פּאַפּיראָסן, פּוטער, וווּרשט, חזיר־פלייש, טייל מאָל אויך יין־שׂרף. מ'האָט דערציילט, אַז אַ קאַצעטניק האָט איין מאָל אַפילו אַריינגעבראַכט אין לאַגער אַריין אַ הון. אָט די פּעיִקע „אָרגאַניזאַטאָרן" פלעגן מאַכן „גאָלדענע געשעפטן".

שרעקלעך איז אָבער געווען צו זען דאָס מסחרן מיט די ממש גאָלדענע זאַכן, דהיינו, מיט די גאָלדענע ציין, וואָס זע־נען געוואָרן אַרויסגעריסן ביי די מתים פאַרן אַריינשטופּן זיי אין דער קרעמאַטאָריע. דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערן לויטן באַפעל פון די דייטשע צוררים.

די דאָזיקע גרויליקע „סחורה״, וואָס פלעגט פון קרעמאַ־טאָריע אַריינקומען אין לאַגער אַריין, איז געוואָרן אויסגע־רייניקט און פאַרהאַנדלט. דאָס געפיל, אַז יעדער אַזאַ צאָן וואָס קלימפּערט אין די „סוחרימס״ הענט איז אַ ייד, האָט גע־מאַכט אויפשוידערן.

אין שוסטעריי פלעגט מען טייל מאָל ביים צענעמען די שיך צום פאַרריכטן, געפינען אין זיי אַ באַהאַלטענע מטבע, אָדער אַ רינגל, צי אַן אויסלענדישן באַנקנאָט. אַחוץ דעם איז דאָס „אָרגאַניזירן״ דאָרט באַשטאַנען דערין, וואָס חברה פלעגן צווישן זייער טאָגטעגלעכער „פּראָדוקציע״ פון פאַרלאַטען אַלטע שקראַבעס, אויך אויסלאַדעווען אַ לייטישע פּאָר שיך. די שיך פלעגן זיי זיך אָנטאָן, אַרויסגיין אין זיי פון שוסטעריי אויפן פאַרנאַכטיקן אַפּעל און דערנאָך זיי פאַרהאַנדלען ביי פּאָליאַקן, רוסן, אָדער אַנדערע קאַצעטלער, וואָס זענען געווען פּריווילעגירט און געמעגט באַקומען פון זייערע היימען פּעק־לעך מיט שפּייז. די שוסטער פלעגן זיך בייטן מיט דעם קונהם צעריסענע שיך און דערפאַר באַקומען צוגעצאָלט עפּעס פון עסנוואַרג. צו מאָרגנס פלעגן זיי קומען אין שוסטעריי אין די צעריסענע שיך און אויב ס׳האָט זיך איינגעגעבן, פלעגן זיי ווידער איבערחזרן דאָס זעלביקע. דאָס איז אַזוי לאַנג אָנגע־גאַנגען, ביז ס׳האָט זיך דערפון דערוווּסט דער אָבערקאַפּאָ, דער ביליצער פּאָליאַק מיט די „לינקע אָנשויונגען״. ער האָט גענומען בודק זיין ביים אַרויסגיין פון שוסטעריי יעדנס שיך,

און דער וואָס האָט געטראָגן אַ פּאָר לייטישע שיך אויף זיינע פיס, פלעגט ער פאַרהאַלטן און זיך מיט אים מתעסק זיין אויף זיין קאָפּאָווסקע שטייגער. ווי אַ צולאָג פלעגט ער נאָך יענעם באַזייטיקן פון דער שוסטער־קאָמאַנדע.

מיך און נאָך אַזעלכע ווי איך, האָט נישט געלאָקט דער דאָזיקער „אָרגאַניזיר־עסק". מיר האָבן פּשוט נישט געוואָלט איינשטעלן צו פאַרלירן דעם דאָזיקן לייכטערן אַרבעטספּלאַץ, ווו מען האָט על כל פּנים געאַרבעט אונטער אַ דאַך. אײַ, דאָס האַרץ חלשט פון הונגער? און ס'נאָגט אויך ביז משוגעת דער חשק צו אַ שטיקל פּאַפּיראָסל מער ווי איין מאָל אין טאָג? מילא, אויף דערויף זענען מיר דאָך עפּעס אין קאַצעט ביי די נאַצים. אויך דאָס שטיקעלע האָפענונג צו דערלעבן בעסערע צייטן און לעבן ווי פרייע מענטשן, האָט משפּיע געווען דאָס נישט צו טאָן.

מיט מיינע חברים שליאַמעק און הערשל פלעג איך אָפט מאָל לערנען און טייטשן דעם דאָזיקן פּשט. ס'איז גלייבער, פלעג איך טענהן צו זיי, זיין משרתים ביי די „קאַנאַדיסטן" און ברענגען פאַר זיי וואַסער; איך וועל אויך פאַר זיי רע־ציטירן, זינגען, וואָס ס'וועט זיך נאָר לאָזן, כדי דערפאַר פון זיי צו באַקומען עפּעס טועם צו זיין, אַבי נישט צו פאַרלירן די שוסטער־קאָמאַנדע און מוזן ווי טויזנטער אַנדערע קאַצעטלער, אַרבעטן כל עבודת־פּרך, ביי היצן, קעלטן, רעגנס און זאַ־ווערוכעס.

וויים איך נישט, צי מיינע חברים האָבן זיך צוגעהערט און מיך געפאָלגט צו זיין גלאַט־כשר און גאָרנישט „אָרגאַני־זירן", איך האָב אָבער נישט געטראַכט דאָס צו טאָן.

איז אָבער די מעשׂה, וואָס „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט", ווי מען זאָגט ביי יידן. אויך דאָס ווערטל: „אויב

ס׳איז באַשערט אַן אומגליק, קומט עס דיר אין שטוב אַריין״ האָט זיך לגבי מיר דעמאָלט באַשטעטיקט.

אין שוסטעריי האָט אויך געאַרבעט אַ בחור פון דאָמב־ראָווע, וועמען מען האָט גערופן „דער צדיק״. דעם דאָזיקן נאָמען האָט ער זיך פאַרדינט דערמיט, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט אַ פּאָר תפילין, פאַר וועלכע ער האָט באַצאָלט מיט זיינע פּאַרציעס ברויט פון אַ וואָך צייט. איז מיט אָט דעם „צדיק״ געשען די מעשׂה שהיה.

ווי שוין דערמאָנט, בין איך אין דער שוסטעריי געווען דער „ספּעציאַל־אַרבעטער״ צו שטעקלאַטשן. קומט צו מיר איין מאָל דער דאָזיקער בחור מיט אַ פּלאַן:

ער האָט אַ גוטן קונה, אַ טשעכישן ייד, זאָגט ער, וואָס ליידט צרות פון זיינע קראַנקע פיס און וויל זייער האָבן אַזאַ פּאָר שטעקלאַטשן, פאַר וועלכע יענער איז גרייט דערפאַר צו געבן ברויט, טאַבאַק, וכדומה. לכן, לייגט ער מיר פאָר, איך זאָל אומבאַדינגט אויפשטעלן אַזאַ פּאָר לאַטשן.

אַוודאי האָב איך תחילת אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון, טראַכטנדיק וועגן די רעזולטאַטן, וואָס די מעשׂה קאָן ברענגען מיט זיך, אויב כ׳זאָל דערביי דערקנסט ווערן. דער בחור איז אָבער אַזוי שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר, ראשית מיטן פאַרלייכטערן דעם יידנס ליידן אויף זיינע געשוואָלענע פיס, שנית, האָט ער מיר אָנגעמאַכט אַזאַ אַפּעטיט מיט דעם טאַבאַק וכדומה, וואָס מען וועט דערפאַר באַקומען, אַז כ׳האָב נישט געקאָנט גובר־זיין דעם יצר־הרע און מסכים געווען דערויף.

הכלל, איך האָב גענומען צוגרייטן די פּאָר „כלים״. און אָט זענען זיי שוין פאַרטיק געוואָרן. דער „צדיק״ האָט זיי פאַרשטעקט אויף זיין לייב און איז אין אַ מזלדיקער מינוט

מיט זיי אַרויס בשלום פון דער שוסטעריי, אַלץ איז וווּל און פיין. מיר שטייען שוין, ווי די קנויטן, אויפן אַפּעלפּלאַץ גרייט אָפּגעציילט צו ווערן פונעם בלאָקפירער און דאָס עסק גייט יאַקאָש גלאַטיק. בכיוון זענען מיר ביידע, איך מיט דעם „צדיק", נישט געשטאַנען צוזאַמען. אַ קשיה, וואָס ס'קאָן געשען? איך האָב פשוט מורא געהאַט זיך צו געפינען אין זיינע דלת־אמות. אונדזערע בליקן האָבן זיך בלויז פון וווייטנס באַגעגנט מיט אַ דינעם שמייכל, טראַכטנדיק וועגן די גוטע זאַכן, וואָס מיר וועלן באַלד באַקומען פונעם טשעכישן ייד מיט די שלאַפּע פּיס, פאַר די לאַטשן, וואָס דער „צדיק" טראָגט איצט באַהאַלטן אויף זיין לייב.

מיט גרויס אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן סוף פון אַפּעל, וואָס דויערט היינט עפּעס מעשׂה שׂטן אַ סך לענגער, ווי אין אַנדערע טעג. און פּלוצעם, וואָס זעען מיר? גראָד היינט האָט זיך פאַרגלוסט דעם בלאָקפירער נאָכן אַפּעל צו פּילצן (בודק זיין) עטלעכע רייען, צו געפינען עפּעס ביי ווע־מען פון אונדז.

ס'איז אונדז געוואָרן קאַלט און היים. מיין שותף, דער בחור הצדיק, ווי ער האָט דאָס דערזען, איז ער שיִער נישט געפאַלן אין חלשות. פאַר מורא יענער זאָל אויך נישט דער־גיין אַהער און פּאַקן ביי אים די „מציאה", האָט ער פאַוואַ־לינקע די לאַטשן אַרויסגעגליטשט דורך די הויזן אויף דער ערד, מיט דער כוונה זיך אויף זיי אַרויפצושטעלן, אַזויערנאָך זיי צו קאָנען אויסבאַהאַלטן פאַרן ס. ס.־מאַן.

אויסגעשטעלט פלעגן מיר זיין אויפן אַפּעל, ווי די זעל־נער, אין גלייכע און פינקטלעכע רייען, אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן אַ קנאַפּן מעטער. איז דאָך גאָר קיין חידוש נישט,

וואָס דאָס האָט זיך גלייך געוואָרפן אין די כיטרע רוצחישע אויגן פון דעם היטלעריסט.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן ווי מיר האָבן אויסגעזעצן ווען דער בלאָקפירער האָט דאָס דערשנאַפּט און דערנענטערט זיך אַהין, וווּ ס׳ליגן די לאַטשן. אַז דאָס לעבן פון „צדיק" הענגט אויף אַ האָר, האָט קיינער נישט געספקט. איך וועל אָבער אויך דערפון נישט אַרויס פּטור בלאָ כלום. בין איך דאָך עפּעס דער הויפּט־מחותן, די גאַנצע שׂמחה שטאַמט אייגנטלעך פון מיר, דעם פאַבריקאַנט פון די שטעקלאַטשן. ס׳האָט ממש מיר גע־קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַמיט צו באַהערשן, כדי מיט מיין פּנים זאָל איך נישט ווערן דער מסור פון זיך אַליין. כ׳בין אויך אַ היפּש ביסל געווען געשפּאַנט, צו זען די האַנדלונג פונעם „צדיק" לגבי מיר. צי וועט זיין לייגן תפילין און דאַווענען יעדן טאָג באַווייזן זיין אמתע צדקות, אָדער ער וועט זיך אַרויסווייזן אַלס אַ פּראָס־טער בשׂר־ודם און אויך מיך אַריינמישן אין דעם פּאַסקודנעם ענין.

— צו ווען געהערן די שטעקשיך ? — דערלאַנגט אַ פרעג דער ס. ס.־מאַן.

— צו מיר, הער בלאָקפירער — ענטפערט אים דער „צדיק" אָן שום קונצן.

— פון וואַנען האָסטו זיי גענומען ?

— איך האָב זיי געמאַכט ביסלעכווייז יעדן טאָג בעת דער מיטאָג־שעה, הער בלאָקפירער.

— פאַר וועמען האָסטו זיי געמאַכט ?

— פאַר זיך אַליין, הער בלאָקפירער, זיי צו טראָגן אין בלאָק נאָך דער אַרבעט.

צו אַלעמענס שטוינונג און גליקלעכער איבערראַשונג,

האָט דער ס. ס.־מאַן אים מער נישט געפרעגט קיין שאלות, אַפילו נישט געהייסן אויפשרייבן דעם נומער פון „צדיק", וואָס וואָלט מרמז געווען אויף אַ פסק, וואָס ער דאַרף זיך דערפאַר ריכטן, און בלויז צוגענומען די „כלים" און איז אַוועק. אַ סברה, אַז די לאַטשן זענען אים געפעלן געוואָרן פאַר זיך אַליין.

די מעשׂה איז אָבער נאָך נישט געווען געענדיקט. דאָס איז דערגאַנגען צום האָלענדישן קאַפּאָ באַנטשיק, ביי וועלכן דאָס וועט זיכער נישט אַדורך גלאַטיק. קודם־כל, ווייל ער האָט נישט דערפון באַקומען זיין „לא יחרץ געלט". וועט ער זיכער וועלן באַווייזן זיין רשעות און דער פועל־יוצא פאַר מיר קאָן זיין באַזייטיקט צו ווערן פון דער שוסטעריי.

דער „צדיק" האָט געזען מיין פאַרצווייפלונג און מיר פאַר־זיכערט מיט שבועות, אַז ער וועט מיך חלילה נישט מיטשלעפּן צום „פאַרברעכן". ער וועט זיך ווייטער האַלטן, זאָגט ער, ביי דעם זעלביקן, ווי ער האָט עס דערקלערט דעם בלאָקפירער, און וואָס ס'וועט געשען, זאָל געשען מיט אים אַליין. געוווּסט האָט ער דאָך אייגנטלעך, אַז איך בין, ווי מען זאָגט, גאָט די נשמה שולדיק, ער אַליין האָט מיך דערצו אָנגערעדט. ווי ס'זאָל נישט זיין, פון שלאָפן יענע נאַכט איז סיי ווי קיין רייד נישט געווען. מיט אָנגעשטרענגטע נערוון האָבן מיר ביידע געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן יום־הדין. איך בין נאָך אַלץ נישט געווען זיכער, טראָץ דעם בעסטן ווילן פונעם „צדיק", אַז ער וועט מיך נישט אַריינדרייען דערין, אַז ער וועט זיין בכוח מנצח צו זיין די פּיינען, וואָס דערוואַרטן אים, זיי גובר זיין און נישט דערמאָנען מיין נאָמען. בפרט נאָך, אַז יעדער ווייסט, דער קאַפּאָ טאַקע אויך, אַז די לאַטשן שטאַמען נישט פון קיין אַנדערן, נאָר פון מיר. איז דאָך בכן נאָך אַ פראַגע, אויב דעם

„צדיקס״ לייקענען דערין וועט האָבן אַ פּעולה מיך דערפון אַרויסצודרייען.

בקיצור, ווי צוויי פאַרברעכער אינעם טאָג פון זייער משפּט, זענען מיר אַריין צו מאָרגנס אין דער שוסטעריי צו דער אַרבעט.

ווי נאָר דער קאַפּאָ באַנטשיק איז דאָרט אַריינגעקומען, איז ער גלייך צו צום טיש, וווּ ס׳איז געזעסן דער „צדיק״ און אים דערלאַנגט אַ זעץ אין פּנים, באַגלייט מיט קאַפּעם אין בויך אַריין, אַז ער האָט שיִער נישט פון אים אַרויסגע־האַקט די אינגעווייִדן. אויפן געשריי „הויזשועמאַכער אַהער״! בין איך צוגעגאַנגען, מער טויט ווי לעבעדיק, גרייט אַריינ־צוכאַפּן מיין פּאַרציע שלעק פונעם קאַפּאָ באַנטשיק. פאַר וואָס ער האָט מיך דעמאָלט געשוינט און אויך מיר נישט דערלאַנגט אַ „מתנת־יד״, האָב איך נישט אָנגעהויבן צו וויסן.

— פאַר וועמען האָסטו די הויזשוע געמאַכט? — גיט ער אַ קוויטש צו מיר.

— איך האָב פאַר קיינעם נישט געמאַכט, נאָר בלויז די, וואָס זי האָבן מיך געהייסן, הער קאַפּאָ — ענטפער איך אים דרייסט, כמעט נישט דערשראָקן.

— פון ווו האָסטו די שוע גענומען? — ווענדט ער זיך ווידער צום „צדיק״.

מיין געפייניקטער חבר האָט אין זיינע יסורים אים געענטפערט געניי און פּינקטלעך, אַזוי ווי דעם בלאָק־פירער.

— איך וועל אייך ווייזן, דרעקזעק! — גיט דער קאַפּאָ ווידער אַ קריי ווי אַ רוסישער האָן און גייט אַרויס.

מיר זענען נאָך אַלץ געבליבן אין פּחד. בכלל האָט מען

דאָרט נישט געוווּסט, וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען, מכּל שכּן נאָך פאַר אַזעלכע „חטאים", ווי דער מיט די שטעקלאַטשן. ביז ס'האָט אונדז נאָך באַנטשיקס אַוועקגיין איבערגעגעבן דער פאַראַרבעטער שיִע פרידלער, וואָס איז געווען מיט באַנט־שיקן אַ שטיקל שני בשלישי, אַז די שלעק, וואָס דער „צדיק" האָט באַקומען, זענען געווען נישט אַזוי ווייט פאַרן אַרויס־לקחענען די לאַטשן פון שוסטעריי, אויף וואָס באַנטשיק האָט נישט געגעבן זיין „הכשר", נאָר, ווייל ער האָט זיי אַוועק־געוואָרפן אויפן אַפּעלפּלאַץ. ער וועט שוין מסתמא נישט מאַכן דערפון קיין ווען ביים אָבער־קאַפּאָ, האָט פרידלער צוגעגעבן, מחמת יענער וואָלט דערפאַר אויך באַנטשיקן נישט געגעבן קיין קניפּ אין בעקל אַריין.

דער ענין האָט זיך טאַקע איינגעשטילט, אָבער דאָס וואָרט „אָרגאַניזירן" אין שוסטעריי האָב איך מער נישט געוואָלט הערן. איז דאָך דאָס אַן אָנשיקעניש אַזאַ, וואָס קאָן ברענגען מיט זיך מער צרות ווי ס'איז ווערט.

דאָס האַנדלען און פאַרנעמען זיך מיט די אמתע „גאָל־דענע" געשעפטן, איז אויך געווען סכּנהדיק. אני הקטן האָב אפילו מורא געהאַט צו קוקן אויף די זאַכן. מיטן אַנטדעקן די אַכט צוואַנציק־גאָלדדאָלאַר־שטיק אין די קנעפּ פון דעם מיסטעריעזן שלאַפּראָק אין דעפּעקטן־קאַמער האָט זיך פאַר אונדז געשאַפן אַ פרישע דאַגהדיקע צרה: וואָס טוט מען מיט אַט דעם אוצר? ווי גיט מען זיך אַן עצה מיט אַזעלכע אַכט כּלים? האַלטן דאָס ביי זיך, האָט קיינער נישט געוואָלט. די ס. ק. (שטראָף־קאָמאַנדע) איז דערפאַר גרייט, און נאָכן געפּי־נען זיך אין דער דאָזיקער „ישיבה" עטלעכע טעג בלויז, איז מען אַ פאַרטיקער פאַר דער קרעמאַטאָריע. איז וואָס זשע טוט מען פאָרט דערמיט? זיכער וואָלט אונדז פאַרשאַפט גרויס פאַר־

דרום, ווען דאָס פאָלק אַריין אין די הענט פון די היטלער־ריסטן.

בקיצור, ס'איז ביי אונדז געבליבן, מיר זאָלן איין גאָלד־שטיק פון דעסטוועגן נעמען צו זיך און אים פרווון פאַרקויפן, כדי זיך צו קאָנען דערפון מפרנס זיין. די אַנדערע זיבן מטבעות זאָל מען פּראָסט און פשוט באַגראָבן, זיי האַלטן דאָרט על כל צרה שלא תבוא.

די וואַלוטע אין קאַצעט איז, ווי באַוווּסט, געווען פּאַפּי־ראָסן. פאַר פּאַפּיראָסן האָט מען באַקומען ברויט, מאַרגאַרין, ציבעלע, פערדוווּרשט, אַ מאָל אַן עפּל אויך. פאַר אָט דער גאָלד־מטבע האָבן מיר באַקומען אַ היפּש ביסל פּאַפּיראָסן, וואָס האָט געקאָנט סטייען אויף שיינע טעג פּרנסה. מיר האָבן זייער פאַרזיכטיק אויך געהאָלפן עטלעכע חברים לאַ־יצלחניקעס און דאָס געטאָן שטאַרק בסוד, מיר זאָלן נישט ווערן פאַרדעכטיקט, וואָס מיר זענען מיט אַ מאָל געוואָרן ברייטע מנדבים.

מיט סאַראַ קונצן און בויך־גרימעניש ס'איז אונדז אָנגע־קומען מקבר צו זיין די זיבן גאָלדשטיקער, איז אַ זאַך פאַר זיך. געטאָן האָבן מיר דאָס מיטאָגצייט בעת אַלע געפינען זיך אין דרויסן אויפן אַפּעלפּלאַץ און יעדער איז פאַרנומען מיט דעם מישטיינס געזאָגטן מיטאָג־עסן. אַזוי ווי שטענדיק זענען מיר אויך יענעם מאָל געזעסן צוזאַמען אין אַ ווינקל און זאַלבעדריט געשאַפן אַ רעדל. מיט די לעפל, וואָס מיר האָבן זיך שוין געהאַט פריִער איינגעשאַפט, האָבן מיר אויסגע־גראָבן אַ שפּאַר לאָך אין דער ערד און די גאָלדענע כלים דאָרט געבראַכט צו „קבר־ישׂראל". כדי צו פאַרווישן די שפּורן פון דער פריש געגראָבענער ערד, האָבן מיר פאַרגאָסן

דאָס אָרט מיט דער זופּ, וואָס מיר האָבן באַקומען אויף מיטאָג — און פּטור אַן עסק.

ס'איז אונדז אַראָפּ אַ שטיין פון הארצן, קאָן מען זאָגן. מיר זענען געווען גליקלעך שוין צו האָבן געפּטרט די גאָלד־שטיק. ס'האָט אונדז אויך אין הארצן געטיאָכקעט אַ מאָדנע געפיל צו האָבן מיט אַ מאָל געוואָרן די באַלעבאַטים פון ווער ווייסט וועלכן יידנס פאַרמעגן. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך צוגעוווינט דערצו און ס'האָט שוין באַלד אויסגעזען נאָרמאַל צו זיין „גבירים".

איז אָבער די זאַך, וואָס מקבר צו זיין איז אַלע מאָל אַ סך לייכטער, ווי מחיה־מתים צו זיין... נאָך דעם ווי ס'האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעלאָזט די פּאַפּיראָסן, וואָס מיר האָבן באַקומען פאַר דעם ערשטן גאָלדשטיק, און מיר האָבן זיך מכין געווען אַרויסצונעמען פונעם „קברל" אַ צווייטן, האָבן מיר צו אונדזער גרויס שטוינונג דערזען, אַז „הילד איננו" — נישטאָ דער אוצר. מען גראָבט אַהין, מען גראָבט אַהער, ס'העלפט נישט. נישטאָ אַפילו קיין זכר מער פון די גאָלדענע מטבעות. וואָס ס'איז מיט זיי געשען און ווער ס'האָט זיך דאָס אויף זיי „מרחם געווען" — האָט מען נישט גע־קאָנט וויסן. נאָר גיי שריי חי וקיים, אַז מען טאָר דאָס אַפילו פאַרן מויל נישט ברענגען. פאַרפאַלן, מען דאַרף זיך דערפון נישט איבערנעמען, טרייסט איינער דעם אַנדערן. אַזוי ווי נאָך אַ בר־מינן, האָט מען דאָ אויך נאָכגעזאָגט דעם שפּרוך „ה' נתן, ה' לקח". לייכט איז עס געקומען און נאָך לייכטער איז עס אַוועק. ווייזט אויס, אַז עמעצער האָט באַמערקט, ווי מיר האָבן מקבר געווען דעם „גאָלדענעם מת", און יענער האָט דערנאָך ערשט אויף אַן אמת אים „געטאָן זיין רעכט". נישט לאַנג באַשערט געווען צו זיין גבירים... מיר האָבן זיך

בלויז געטרייסט מיט די זיבן גוטע טעג, וואָס מיר האָבן לפּחות גענאָסן פון דעם איינציקן גאָלדשטיק און ס'האָבן אויך נהנה געווען נאָך אַ פּאָר חברים. די עיקרדיקע תפילה איז ביי אונדז געווען, אַז דער אוצר זאָל כאָטש האָבן אַריינגעפאַלן אין יידישע הענט.

## ליבע דורך שטעכלדראָטן

ס'איז נאָר וואָס אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט יידן פון לאָדזשער געטאָ. אינעם „צוגאַנג" פון די אַרבעטספּעציקע פאַרן קאַצעט, האָבן זיך צווישן אַנדערע אויך געפונען מיין שוואָגער פּייוול ברעסלער מיט זיין כלה.

מיין שוואָגער, וועמען מען האָט פון דאָרט באַלד געשיקט אַנדערש ווו, האָט מיר פריִער באַוויזן איבערצוגעבן, אַז זיין כלה געפינט זיך לעת־עתה אין פרויען־לאַגער קעגן איבער דעם בלאָק פון דעפעקטן־קאַמער, ווו איך האָב געאַרבעט. מיט דער הילף פון דער דאָרטיקער בלאָק־עלטסטערין, וואָס האָט זי אויפגעזוכט, האָבן מיר געכאַפּט אַ שמועס דורך די דאָפּלטע רייען שטעכלדראָטן, וואָס האָבן אונדז אָפּגעטיילט.

ווען מען ווייסט נישט ווער צו וועמען עס רעדט, וואָלט אין קיין פאַל נישט מעגלעך געווען זיך צו דערקענען. אַזוי גוט זי, וואָס כ'האָב געקענט פון פריִער מיט אירע שיינע גאָלדבלאָנדע האָר, מיט איר יוגנט־חן, און איצט מיטן אָפּגע־גאָלטן קאָפּ און אומגעלומפּערטן קלייד, וואָס האָט איר גע־שאַפן אַ משונהדיקן אויסזען; אַזוי מסתמא אויך איך, מיט מיין „שטאַט", מסתמא נישט קיין שענערן. איז דעריבער געווען מיין ערשטע אויפגאַבע, פריִער פאַר אַלץ, איר צו באַזאָרגן אַנדערע מלבושים, כדי זי זאָל אויסזען מענטשלעכער.

פון דעפקטן־קאַמער, ווו איך האָב געאַרבעט, האָב איך איינס און צוויי צונויפגעשטעלט אַ פּעקעלע מיט די סאַמע נויטיקסטע זאַכן, וואָס אַ מיידל דאַרף האָבן אָנצוטאָן, און

אויך מיטגעפּאַקט עפּעס טועס צו זיין פון דעם וואָס כ'האָב פאַרמאָגט.

מיינע חברים שליאַמעק און הערשל האָבן געהאַלטן שמירה פון ביידע זייטן בלאָק, צו זען אויב ס'קומט נישט גראָד אַהער עמעצער פון די לאַגער־קאַנאַליעס, און אין אַ גינסטיקן מאָמענט האָב איך דאָס פּעקעלע אַריבערגעשליי־דערט צו איר איבער די צוויי פּלויטן פון שטעכלדראָטן.

ווען זי האָט זיך אַ ווײַלע שפּעטער פאַר אונדז באַוויזן אין די פרישע מלבושים איז צוריקגעקומען צום אויסדרוק איר פּרעכטיקע געשטאַלט פון אַ מאָל. ממש אומגלויבלעך, זי איז נישט די זעלביקע, ווי אין איר פריערדיקן מעמד. ס'איז אונדז געקומען אויפן געדאַנק, אַז מיר זאָלן דאָס זעלביקע אויך טאָן פאַר אַנדערע יידישע טעכטער דאָרט, ביי וועלכע די נאַצים האָבן צוזאַמען מיט זייערע נאָענטע, אויך צוגענומען דעם צלם אלקים, די מענטשלעכע צורה, אָפּגעשוירן זיי די האָר פון קאָפּ, די פּראַכט ביי פרויען, און זיי באַקליידט מיט מיאוסע טראַנטעוואַטע בגדים.

תוך כדי דיבור, דורך דער צייט פון מיין שמועסן מיט מיין שוואָגערס כלה, וואָס האָט מיר איבערגעגעבן גרויליקע עפּיזאָדן פונעם לעבן אין לאַדזשער געטאָ, האָבן מיינע חברים ווידער צונויפגעשטעלט אַ פּעקעלע אין דעפּעקטן־קאַמער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר שיך, אַ קליידל, אַ קאָפּטיכל צו־צודעקן דעם אָפּגעגאָלטן קאָפּ, וכדומה נאָך קליינִיקייטן, וואָס קאָן זיי נוצן. זיי האָבן מיר דערלאַנגט דאָס פּעקעלע אַריבער־צוּוואַרפן איבער די דראָטן און דאָס איז מיר ווידער געראָטן צו טאָן. מיין שוואָגערס כלה האָט אַוועקגעגעבן דאָס פּעקעלע זאַכן די יעניקע, וואָס האָט זיך דערין צום מייסטן געניייטיקט.

די פרייד פון די מיידלעך, וועלכע האָבן פון אונדז באַ־

קומען די מלבושים, איז געווען אין לשער. כדי דערפאַר אונדז אויסצודריקן זייער טיפסטן דאַנק, פלעגן זיי זיך באַווייזן פאַר אונדז איבערגעטוענע אין די ניי־באַקומענע זאַכן, וואָס האָבן אין גאַנצן געביטן זייער פריִערדיקן אויסזען.

מיר פלעגן יעדן טאָג, ביי גינסטיקע געלעגנהייטן, ווידער טאָן דאָס זעלביקע און האָבן געהאַט דערפון אַ טאָפּלטע הנאה: ראשית, פון קאָנען גליקלעך מאַכן יידישע טעכטער מיטן ענדערן צום גוטן זייער ביז איצטיקן אויסזען — אַ זאַך וואָס האָט זיי געקאָנט העלפן אויסמיידן גיך צו ווערן „מוזול־מאַנקעס" און בכן קאַנדידאַטן פאַר דער קרעמאַטאָריע; שנית, איז גרויס געווען די הנאה צו זען זייער יידישן פרויען־חן, וואָס זיי האָבן צוריק באַקומען. ס'האָט זיך דערמיט געשאַפן, קאָן מען זאָגן, אַ נייער סאָרט ליבע צווישן אונדז. „ליבע דורך שטעכלדראָטן" — האָט מען דאָס גערופן, אַ פּלאַטאָנישע און נישט רעאַליזירבאַרע ליבע, אָבער פאָרט אַ ליבע. מיטן צורירן זיך בלויז מיט איין פינגער צו אָט די שטעכלדראָטן, איז מען תיכף געוואָרן צוגעקלעפּט צו זיי און געבליבן טויט אויפן אָרט פונעם שטאַרקן עלעקטרישן שטראָם, מיט וועלכן זיי זענען געווען אָנגעלאָדנט. קאָן מען זיך דאָך שוין משער־זיין סאַראַ פּראַקטישע ליבע ס'האָט דאָרט דעמאָלט געקאָנט האָבן אָן אָרט. פון דעסטוועגן פלעגן מענער קאַצעטניקעס זיך צו־קלייבן מיידלעך פונעם קעגנאיבערדיקן פרויען־לאַגער און זיך איינרעדן, אַז פלונית בת פלוני איז זיין כלה. בשכר זה פלעגט ער איר העלפן מיט וואָס ער האָט געקאָנט, ווי דער שטייגער איז ביי חתן־כלה...

דאָס מהנה זיין די פרויען מיט פעקלעך אָנטועכץ, וואָלט נאָך מסתמא אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, ווען נישט דאָס, וואָס איך האָב איין מאָל נישט מזלדיק געוואָרפן אַזאַ פּעקעלע.

דער ווינט האָט דאָס אַ שליידער געטאָן, ס׳האָט זיך פֿאַר־האַטשעט און געבליבן הענגען אויף די עלעקטרישע דראָטן פֿונעם פּלויט.

אַ שרעקלעך אומגליק איז אונדז געשען. זאָלן דאָס דאָרט דערזען די ס. ס.־לייט אָדער דער קאַפּאָ, איז אונדזער לעבן נישט ווערט קיין צוויי ער. די צוויי פּלויטן שטעכלדראָטן, איינער פֿאַר אונדזער לאַגער און דער צווייטער פֿאַרן פֿרויען־לאַגער, האָט אָפּגעטיילט אַ וועג, וואָס צוליב דער דיסטאַנץ, איז נישט מעגלעך געווען צו קאָנען מיט עפּעס דערגרייכן אַהין, כדי דאָס פּעקעלע פֿון דאָרט אָפּצושעפּען. ווי גיט מען זיך אַן עצה?

אין יענע מינוטן זענען מיר געוואָרן בפּירוש גלייביקע אין נסים. ווי צוגעשיקט, קאָן מען זאָגן, פֿון הימל, דערזעען מיר אין אונדזער פֿאַרצווייפֿלונג אָנקומען אַ קאָמאַנדע העפֿט־לינגע, געפֿירט דורך זייער קאַפּאָ, וואָס זענען יענעם טאָג צו־פֿעליק געגאַנגען צו זייער אַרבעט שפּעטער ווי געוויינלעך. ווען זיי זענען צוגעקומען נענטער צו אונדז, האָבן מיר גע־בעטן דעם קאַפּאָ, אים אָנווייזנדיק דאָס פּעקעלע אויף די דראָטן, יענער זאָל דאָס אָפּטשעפּען פֿון דאָרט און עס אַרי־בערוואַרפֿן צו די פֿרויען. ער האָט דאָס באַוויליקט צו טאָן און ס׳איז אים, אַגב, נישט שווער אָנגעקומען: מיט זיין שטעקן האָט ער דאָס אַראָפּגעצויגן פֿון די דראָטן און אַריבערגעוואָרפֿן.

אַראָפּ דער שטיין פֿונעם האַרצן. אונדזערע לעבנס זענען געהאָנגען, אַזוי ווי דאָס פּעקעלע, אויף אַ האָר. כאָטש איין מאָל האָט אַ קאַפּאָס שטעקן געטאָן אַ נוצלעכע זאַך...

מער זענען מיר סיי ווי סיי שוין נישט אָנגעגאַנגען מיטן וואַרפֿן די פּעקלעך איבער די דראָטן. כ׳ווייס נישט צוליב וועל־כער סיבה מיר זענען צו מאָרגנס צוריק אַריין אַרבעטן אין

שוסטעריי. אין יענעם טאָג איז אויך איבערגעריסן געוואָרן די „ליבע דורך שטעכלדראָטן" און ס'האָט זיך געענדיקט דער פלירט מיט די פרויען אין קעגנאיבערדיקן לאַגער. מיר האָבן זיי דאָרט מער נישט געזען.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז ווידער אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט יידן פון לאָדזשער געטאָ און אויך מיטגעבראַכט עטלעכע לאַנדסלייט פון מיין געבוירן־שטעטל סטערצעוו. געזען האָבן מיר זיך שוין נישט אָן ערך אַ צוויי צענדליק יאָרן און דער אוישוויצער עולם־התוהו האָט דאָס דערמעגלעכט די טרעפונג מיט זיי.

אַוודאי איז נישט שייך צו זאָגן, אַז מיר האָבן זיך „דערפרייט" פון דער באַגעגעניש דאָרט. בלי ספק וואָלט די שמחה געווען גרעסער און אָנגענעמער נאָך אַזאַ לאַנגער צייט זיך צו טרעפן אויף אַן אַנדערן און בעסערן אופן. דאָך האָט עס אונדז געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו טיילן מיט פאַרשידנס, וואָס איז זיך דורך דער צייט פאַרלאָפן, מיט דערינערונגען פונעם שטעטל, פון וועלכן אָט די פּאָר לאַנדסלייט זענען פאַרבליבן, ווי אַ זכר לחורבן, און ווער ווייסט אויף ווי לאַנג.

גרוים איז געווען זייער פרייד פון דעם ביסל מאַכאָרקע וואָס כ'האָב זיי אַריבערדערלאַנגט דורך די דראָטן אין ציגיינער־לאַגער אריין, ווו זיי האָבן זיך געפונען. די פרייד דערפון איז געווען אַ סך גרעסער ווי פון די שיסלען זופּ, וואָס כ'האָב פאַר זיי אָרגאַניזירט, ביי וואָס כ'האָב איין מאָל שיִער נישט באַצאָלט מיטן לעבן. אַ נס איז געשען, און דער כלל פונעם מאמר „שלוחי מצווה אין ניזוקין" איז דעמאָלט געוואָרן אַ פאַקט.

געוועזן איז עס בעת דער ס. ס.־מנוול באַרעצקי האָט

דאָס דערזען פון ווייטנס און גענומען שרייען: „קום הער! לאָס קום הער״!

פון וואַנען ס׳איז מיר דעמאָלט געקומען אויפן געדאַנק זיך צו נעמען דעם מוט און אים הערן ווי דעם קאַטער, ווייסט איין גאָט. פייל פון בויגן בין איך אַריין אינעם „קאַנאַדע־בלאָק״. קיינער איז גראָד אין אים נישט געווען. איך האָב זיך תיכף פאַררוקט אונטער אַ בוקסע אינעם ווינקל, זיך דאָרט איינגעקאָרטשעט ווי אַ יעזש און מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם געלעגן אין טויטשרעק.

דער נס איז טאַקע געווען, וואָס דעם אַכזר באַרעצקי איז נישט איינגעפאַלן מיך צו זוכן אינעם דאָזיקן „יחוסדיקן״ בלאָק. חברה האָבן דערציילט, אַז בעת ער האָט גענישטערט אין די אַנדערע בלאָקן מיך דאָרט צו פּאַקן, האָט ער גערי־טשעט ווי אַ ווילדע חיה, געקריצט מיט די ציין און איז גרייט געווען מיך דערפאַר צו צערייסן אויף צווייען. דאָס איז אים אָבער, צו מיין גליק, נישט געלונגען.

# געקומען זיך געזעגענען

דאָס ערגסטע אין קאַצעט איז געווען די סעלעקציע, וואָס פלעגט פאָרקומען על פּי רוב בעת ס'פלעגן אויספעלן טראַנס־פּאָרטן יידן פאַר דער קרעמאַטאָריע. היות די טויטפאַבריק טאָר נישט בלייבן אומטעטיק, פלעגט דער „מאַטעריאַל" פאַר איר צוגעשטעלט ווערן פון קאַצעט גופא. ס'פלעגט דעמאָלט געמאַכט ווערן אַ „טשיסטקע" אין לאַגער אָפּצורייניקן אים פון די „מוזולמאַנען", וואָס טויגן שוין צו גאָרנישט מער, אַחוץ פאַר דער קרעמאַטאָריע. געטאָן איז דאָס געוואָרן אויף אַ גאַנץ לייכטן אופן. קודם־כל, אַ זבענק אינעם גאַנג — און ס'ווערט בלאָקשפּערע. דאָס הייסט, אַלע מוזן דעמאָלט זיך גע־פינען אין די בלאָקן. דערנאָך קומט דער לאַגעראַרצט מיט נאָך עטלעכע ס. ס.־לייט „באַזוכן" די קאַצעטלער אין די בלאָקן. אָן אַ משפּט און אָן אַ דין ווערן זיי די „שופטים" פון אונדזער לעבן. זיי קוקן גיריק אויף די נאַקעטע אויסגעדאַרטע גופים פון די קאַצעטלער, וואָס גייען זיי פאַרביי, און מיט אַ צייכן פון אַ פינגער באַשטימען זיי די קרבנות פאַר דער קרעמאַ־טאָריע.

ביי אַזאַ סעלעקציע ווייסט קיינער נישט צו באַשליסן וואָס צו טאָן און ווי אַזוי צו האַנדלען. צי זאָל מען פּרוּוון מזל און גיין פון די ערשטע, בעת ס'איז נאָך פאַראַן פון וואָס צו קלייבן אין בלאָק, אָדער גאָר זיין פון די לעצטע, ווען ס'וועט שוין אפשר זיין דער סכום, וועט מען אפשר אים אַדורכלאָזן. און טאַקע אַזוי, צו וואָס זיך נאָך שטופּן און איילן צו אַט דעם „גליק"?

וועלכע השערה ס׳איז די ריכטיקע, איז שווער געווען פעסטצושטעלן. וואָס מען האָט יאָ געוווּסט פון דער פּראַקטיק — אַז די ערשטע אויפגעשריבן צו ווערן בעת אַ סעלעקציע צום פאַרגאַזן זענען קודם-כל די „מוזולמאַנען״. יעדער פלעגט אָבער ביי זיך טראַכטן, אַז ער איז עס נישט. ער פילט זיך נאָך ב״ה ביי די כוחות און אים וועט מען נישט אויפשרייבן. ווי „מוזולמאַנען״ האָט ער געזען אַנדערע אַרום זיך, אָבער נישט זיך אַליין. ס׳איז דאָך נישט מעגלעך, האָט ער זיך געטראַכט, ער זאָל אויך האָבן אַזאַ אויסזען ווי יענע. ווער שמועסט נאָך ווען אויף זיין פראַגע ביי איינעם לעבן זיך, ווי אַזוי ער זעט אויס, איז דער ענטפער, פאַרשטייט זיך תמיד געווען: „זייער גוט״, איז ער דאָך שוין כמעט אין גאַנצן געווען זיכער, אַז נישט אים מיינט מען עס. איז בכן טאַקע אַ סברה, זיך צו שטעלן צווישן די סקעלעטן, אַזוי אַרום קאָן מען האָבן שאַנסן נישט אויפגעשריבן צו ווערן. ער האָט בלויז נישט געוווּסט, אַז אויך די אַנדערע טראַכטן דאָס זעלביקע וועגן אים...

במשך פון מיין אוישוויצער „סטאַזש״ זענען דאָרט פאָרגעקומען אַכט אַזוינע סעלעקציעס, פון וועלכע איך בין על פּי טויזנט נסים אַרויסגעקומען בשלום. דאַקעגן בין איך ביי דער לעצטער סעלעקציע ממש געווען אויף דער וואָגשאָל, בין חיים למוות. ס׳איז אפשר געווען דער ערשטער פאַל, וואָס די ס. ס.-באַנדע זאָלן זיך אַזוי מתעסק זיין מיט אַ העפטלינג בעת אַ סעלעקציע, ווי דעמאָלט מיט מיר. שיינע רגעס האָבן זיי זיך מישב געווען, וואָס צו טאָן מיט מיר, אויפשרייבן, צי נישט. עטלעכע מאָל האָבן זיי מיך געהייסן דרייען און אויסדרייען אין אַלע זייטן, מיך באַטראַכט עפּעס ווי אַ וויכטיקע מציאה. אַזוינס האָט געפלעגט געשען ביים פריזיוו, אָבער

נישט אין אוישוויץ. אלע האָבן זיך געחידושט, צוליב וואָס אַזוינס זיי זענען זיך אַזוי שטאַרק מטפל מיט מיר. די האַרץ־קלאַפעניש, וואָס דאָס האָט דעמאָלט ביי מיר אַרויסגערופן, פיל איך נאָך טייל מאָל עד היום. ווען דאָס קומט מיר אויף מיין זכרון, באַהערשט מיך נאָך אַלץ די שרעק פון יענער מינוט. מיט אַלע כוחות האָב איך געמוזט זיך שטאַרקן נישט אַרויסצוּווייזן מיין פחד און האַלטן זיך שטאָלטנע. קיין „מוזול־מאַן" בין איך, אַגב, נישט געווען, ס'איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן דער לאַגעראַרצט זאָל אויף מיר געפינען עפּעס אַ פּגם און דערלאַנגען אַ ווונק אויך מיך אויפצושרייבן.

איין מאָל איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ סעלעקציע אין אונדזער בלאָק מיט אַן „אָבער". דהיינו, ווי באַלד מען וועט צושטעלן כך וכך פּאַפּיראָסן, וועט די גזרה אָפּגערופן ווערן. דאָס האָבן אונדז מודיע געווען די שטובדינסטן. זיי האָבן אונדז געהאַלטן פאַר „אָרגאַניזאַטאָרן" צוליב דעם וואָס מיר זענען געווען באַשעפטיקט אין די שניידער־און שוסטער־וואַרשטאַטן.

פאַרשטייט זיך, אַז אין איילעניש האָט יעדער באַלד זיי אָוועקגעגעבן זיין ביסל פּאַפּיראָסן. די, וואָס האָבן דאָס נישט געהאַט אין זייער פאַרמעגן, האָבן אָוועקגעגעבן זייער לעצטן ביסן ברויט, צו פאַרבייטן דאָס אויף פּאַפּיראָסן אַלס פּדיון־נפש־געלט. צו אונדזער ווייטיקלעכער אַנטוישונג איז צו מאָרגנס די סעלעקציע פון דעסטוועגן יאָ פאַרגעקומען. צי דאָס איז דעמאָלט געווען די מלאכה פון די ס. ס., צי פון זייערע משרתים, פריִער אַרויסצובאַקומען פון אונדז די פּאַפּיראָסן — האָט מען נישט געקאָנט פעסטשטעלן. איבעריקנס, סאַראַ נפקא־מינה איז עס?

נישט בעסער, אויב נישט ערגער, האָבן דאָרט אָפּגע־

שניטן די ציגיינער. זייער לאַגער מיט אַלע העפטלינגע איז איבער נאַכט אָפּגעווישט געוואָרן פון אונטערן הימל און ס׳איז פון זיי קיין זכר נישט געבליבן.

דאָס דערהערן אין איינעם אַן אָוונט קלימפּערן דעם גאַנג מיט דער אָנגעזאָגטער בלאָקשפּערע, וואָס האָט מרמז געווען, אַז ס׳גרייט זיך עפּעס, האָט אַלעמען געמאַכט אויפ־ציטערן, צי דאָס איז ווידער נישט אַ סעלעקציע, אָדער אַן אַנדערע צרה. אין אימה און פּחד איז מען געלעגן אויף די פּריטשעס און געוואַרט אויף די מלאכי־המוות.

מיט אַ מאָל — אַ רעש און אַ געטומל, וואָס האָט אונדז באַוויזן צו כאַפּן אַ בליק דורך די שפּאַרעס פון בלאָק. פון די שווידערלעכע בילדער אין דרויסן איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס געשעט אין ציגיינער־לאַגער; זיי קומען איצט אין דער ריי פּאַרטיליקט צו ווערן. דאָס האָט נישט געמינערט ביי אונדז דעם ציטער, ס׳זאָל דערנאָך נישט געשען דאָס זעלביקע מיט אונדז. דער פּחד האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע נאַכט און אויך צו מאָרגנס.

גרויליקע בילדער האָט מען געזען אויך נאָך סעלעקציעס. ווי שוין דערמאָנט, פלעגן די שטובדינסטן „חלה נעמען״ פון אונדזערע פּאָרציעס ברויט. האָט איין מאָל אַ צום טויט פאַרשריבענער קדוש אין אָוונט נאָך דער סעלעקציע, ביים פאַרטיילן די „חיונה״ פאַרן טאָג אַ זאָג געטאָן צום שטובנ־דינסט, זיין בענדינער בן־עיר: „אברהמעלע, גיב מיר כאָטש היינט צום לעצטן מאָל אַ שיינע פּאָרציע ברויט״.

אַ צווייט מאָל, אויך נאָך אַ סעלעקציע, בעת מיר האָבן געכאַפּט אַ לעצטן שמועס מיט די קרבנות, וואָס זענען גע־וואָרן באַשטימט דורכן לאַגעראַרצט פאַרן גאַזקאַמער, און מיר האָבן געזען די האַלטונג פון אַט די מענטשן, ווען

ס׳איז פאַרבליבן געציילטע שעהען צו געהערן צו דער לעבע־דיקער וועלט, האָבן מיר פשוט געשטוינט. ביי קיינעם פון זיי האָט זיך אַפילו נישט באַוויזן אין אויג קיין טרער, גלייך ווי דער טרערן־קוואַל וואָלט ביי זיי שוין געווען פולשטענדיק אויסגעשעפּט און אויסגעטריקנט. זייער בקשה צו אונדז איז געווען איינע: „אויב איר וועט זוכה זיין צו דערלעבן די נאַצי־מפּלה, זאָלט איר געדענקען נקמה צו נעמען פאַר זייע־רע פאַרברעכנס״.

אין יענעם אָוונט טאַקע באַווייזט זיך אַ ייד פון אַ צווייטן בלאָק. אויף אונדזער פראַגע וועמען ער וויל דאָ זען אין דער שפּעטער שעה, ענטפערט ער אונדז:

— איך זוך מיין חבר. כ׳וויל זיך געזעגענען מיט אים.

— ווּהין אַ שטייגער פאָרסטו? — זענען מיר געווען נייגיריק צו וויסן, מיינענדיק, אַז מען שיקט אים אַוועק ער־גען אויף אַרבעט.

— איך פאָר אין הימל אַריין... מ׳האָט מיך היינט ביי דער סעלעקציע אָויפגעשריבן.

ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ מאָדנער גלייכ־גילטיקייט, ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט אין עפּעס אַ ניש־טיקן ענין. און גאַנץ געמיטלעך, ווי קיין מאָל גאָרנישט, האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין חבר, פאַר איין וועגס שוין אויך מיט אונדז, און איז אַוועק.

גאָר אויפציטערן האָט געמאַכט אַ פאַל אויף צו מאָרגנס נאָך דער לעצטער און גרעסטער סעלעקציע.

היינט ווייסן שוין אַ סך דערפון, אַז די היטלעריסטן פלעגן, אַחוץ אַלע זייערע מערדערייען, אויך סטעריליזירן און קאַסטרירן יונגע מענער און פרויען פאַר זייערע טייוולאָנישע

מעדיצינישע עקספּערימענטן, צו וועלכע די מעדיצינישע וועלט פּלעגט געוויינלעך באַנוצן חיות און עופות.

צווישן יענע אומגליקלעכע האָט זיך אויך געפונען אַ בחור, וואָס איז געקומען אין קאַצעט אַריין צוזאַמען מיט זיין פאָטער. ווען דער פאַרפייניקטער יונגערמאַן איז צוריק־געקומען אין בלאָק אַריין נאָך דער קאַסטרירונג, האָט ער צוליב זיינע יסורים שיינע טעג גאָרנישט געקאָנט נעמען אין מויל אַריין. זיינע פּאָרציעס ברויט זענען אַזוי אַרום געבליבן ליגן ביים פאָטער. נאָכן זונס טויט האָט דער פאָטער געזוכט צו פאַרבייטן די עטלעכע פּאָרציעס ברויט אויף מאַרגאַרין, ציבעלע, אָדער עפּעס אַנדערש.

מילא, זיך צוצוזען גרויזאַמקייטן איז שוין געווען אַ רגילות און דאָס האָט קיינעם מער נישט איבעררעאַשט. גע־ווען אַ פאַל אין אַ פרימאָרגן, ווען דער גאַנג האָט באַגינען אויפגעוועקט דעם עולם. כהרף־עין האָט אַלץ געמוזט זיין פיקס און פאַרטיק אַרויסצוגיין אויפן פרימאָרגן־אַפּעל. אין קעגנפאַל האָבן די שטעקנס פון די שטובדינסטן געוויזן, וואָס זיי קאָנען. מיר האָבן דעמאָלט באַמערקט, אַז אונדזער בוק־סע־שכן רירט זיך נישט פונעם אָרט, גלייך ווי דער גאַנג וואָלט אים אָנגעגאַנגען, ווי המנען דער גרעגער. מיינענדיק, אַז ער איז פאַרזונקען אין אַ זיסן שלאָף, און כדי ער זאָל אויסמיידן דערפאַר צו באַקומען שלעק, האָט מען אים גענומען וועקן. מיר האָבן דערזען, אַז ער איז טויט, קאַלט ווי אַ שטיק אייז, און מיר זענען הייסט עס די גאַנצע נאַכט געשלאָפן מיט אַ טויטן אויף איין געלעגער. מאַנכע האָבן אים, אַנשטאָט צו באַדויערן, גאָר מקנא געווען:

— אַז ווייל איז אים, וואָס ער איז שוין איבערגעקו־מען און וועט נישט דאַרפן מער ליידן. אַ צדיק איז ער

געווען, זוכה צו זיין צו אַ לייכטן טויט און נישט דאַרפן דערשטיקט ווערן אין גאַזקאַמער.

— אַז אַך און ווי איז צו אַזאַ ווילטאָג — ענטפערט אים אַפּ אַן אַנדערער, אַזאַ גליק אויף אַלע נאַצים געזאָגט געוואָרן, רבונו של עולם. מ'וועט זיי דאָס, כ'לעבן, פאַר־גינען פון גאַנצן האַרצן.

אַזוינע בילדער זענען דאָרט געווען שכיח אויף שריט און טריט, און פון דעסטוועגן האָט יעדער נייער פאַל אויף ס'ניי אויפגעשוידערט.

## בטחון־רעפלעקסן

ווי ווייל בטחון פלעגט זיין ווי אַ רפואה צו קאָנען ביי־קומען יידישע צרות אין פאַרשידענע צייטן, איז דאָס דאָ־זיקע „היילמיטל" כפל־כפלימדיק נייטיק געווען צו באַנוצן אין קאַצעט. די אַלע, וואָס האָבן פאַרלוירן די דאָזיקע טרייסט (ס'איז געווען פאַר וואָס), פלעגן שלעכט ענדיקן — ווי ס'איז, צווישן אַנדערע, געווען דער פאַל מיטן זון פונעם יידישן טעקסטיל־סוחר אין סאָסנאָווצע, אַבראַמטשיק.

בימים ההם, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די סעלעק־ציעס אין די בלאָקן און יעדער האָט זיך געריכט צו קומען אין דער ריי פאַרן גאַזקאַמער, אין יענע טעג טאַקע, האָט דער דערמאָנטער אַבראַמטשיק אין אַ מינוט פון יאוש און דעפרעסיע, אַ זאָג געטאָן צו עטלעכע חברים: „זייט געזונט, איך האָב שוין גענוג". ער איז צוגעלאָפן צו די שטעכל־דראָטן, וואָס זענען געווען אָנגעלאָדן מיט אַ הויכן עלעק־טרישן שטראָם, און אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז ער געווען טויט. קיינער האָט אַפילו נישט באַוויזן אים דערפון אָפּצוהאַלטן.

מיט אַ טאָג פריִער האָט דער קדוש דערציילט, אַז ער האָט זיך צעשמועסט מיט אַ קאַצעטניק אַ „יחסן", אַן אַלטער העפטלינג הייסט עס, וועגן מצב, פון וואָס אַבראַמטשיק איז געווען שטאַרק פאַרביטערט. יענער זאָל זיך האָבן אויף אַבראַמטשיקן געכעסט, הלמאי ער באַקלאָגט זיך אַזוי שטאַרק דערויף. „ס'איז דאָך איצטער דאָ אַ גן־עדן קעגן דעם, וואָס מיר פלעגן מיטמאַכן ווען מיר זענען געקומען

אהער. דעמאָלט האָט מען געפילט דעם טעם, וואָס אזוינס ס'הייסט זיין אין קאַצעט". און ער האָט אבראַמטשיקן, אויף איין פוס, איבערגעגעבן עטלעכע „בלימעלעך" וועגן יענע צייטן, ווילנדיק אים איבערצייגן, אַז ער דאַרף היינט זיין גליקלעך.

— אַזוי גאָר? אַ גן־עדן גאָר? אַז אַך און ווי צו אַזאַ גן־עדן. איך בין דיר מוחל אָט דעם גן־עדן — האָט אים אבראַמטשיק צוריק געוואָרפן דאָס גליק, און אויף צו מאָרגנס איז ער טאַקע באַגאַנגען זיין פאַרצווייפלטע טאַט.

ס'איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן, ביי יענע קלאָגעדיקע קאַצעט־באַדינגונגען, אַריינצובלאָזן אַ פונק בטחון אין די הערצער פון יענע אויסגעמאַטערטע קאַצעטלער, אויף וועלכע מען פלעגט, שטייענדיק אויפן אַפעל, מיט באַדויערן אָנצייכענען, אַז פלוני בן פלוני וועט שוין מאָרגן נישט זיין צווישן אונדז. ליידער האָט זיך אונדזער טרויעריקע נבואה אַלע מאָל באַשטעטיקט. פון דעסטוועגן פלעגט מען ביי יעדער געלעגנהייט זיך באַמיִען אויפצוקלערן דעם אומזין פון באַגיין זעלבסטמאָרד: דאָס איז דעם שונאס ציל און ווונטש, און מיר דאַרפן נישט און טאָרן נישט אים צו ליב טאָן.

כ'בין זיך מודה, אַז תחילת איז ביי מיר אויך נישט געווען קיין סך רגעס פון גלויבן, אַז מיר זאָלן ווען עס איז אַרויסקומען פונעם דאָרטיקן גיהנום. כ'האָב דאָס אָבער פאַר קיינעם נישט געבערענגט אויפן מויל. פאַרקערט, איך פלעג זיך אָנשטרענגען משפיע צו זיין לפּחות אויף מיינע נענטערע חברים, אַריינצוברענגען אין זיי אַ פונק פון בטחון, אַז מיר וועלן פאָרט אַ מאָל באַפרייט ווערן: „זאָל מען אונדז נאָר נישט פאַרברענען אין קרעמאַטאָריע, וועט מען זיי איבער־

לעבן". זיי פלעגן דערפאַר פון מיר חוזקן און מיך האַלטן פאַר נישט קיין קליינעם בטלן. איך אָבער פלעג זיך האַלטן ביי דאָס מייניקע, און יעדעס מאָל, בעת אַ נייער גזרה, אַן עת-צרה אין לאַגער, פלעגן זיי מיך אַ פרעג טאָן: „נו, וואָס זאָגסטו איצט"? — און נאָכגעשפּעט מיינע ווערטער — „מ'וועט זיי איבערלעבן, האַ"?

„מ'האָט זיי אין דר'ערד" — איז אַלע מאָל געווען מיין ענטפער. פונעם כסדרדיקן איבערחזרן די ווערטער מיינע, האָב איך אַליין אויך שוין גענומען גלייבן אינעם דאָזיקן איינרעדעניש. און ווער ווייסט — אפשר אויך צוליב דעם בין איך געבליבן צווישן די לעבעדיקע?

פאַרשידענע וויכוחים פלעגן צווישן אונדז פאָרקומען אויף דער טעמע. ביי יעדער אָנשיקעניש בין איך געוואָרן דאָס צילברעט, אָנצופאַלן אויף מיר מיט שטעכיקע קשיות. איך פלעג נישט בלייבן שולדיק מיט מיין תשובה: „מ'האָט זיי אין דר'ערד".

הגם אַלע סימנים האָבן געוויזן אויף דער ריכטיקייט פון מיינע חברימס רייד, אַז קיינער פון אונדז וועט פון דאָרט נישט אַרויס לעבעדיק, פלעג איך נישט וועלן זיי נאָכגעבן. נישט דערפאַר, ווייל ס'איז, זאָגט מען, אַ יידישע טבע, בעת איינער זאָגט אַזוי, מוז דער אַנדערער זאָגן פונקט קאַפּויער, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל ס'איז שוין ביי מיר געוואָרן פאַרוואָרצלט דער געדאַנק, אַז אויב מען דאַרף כסדר לעבן אין אַזאַ יאוש, איז שוין טאַקע גלייכער צו־צולויפן צו די דראָטן און געענדיקט. דאָס איז אויך געווען דער הויפּטמאָטיוו איבערצוצייגן מיינע חברים.

— בטחון, חברה, בטחון זאָג איך אייך! קיין נביא בין איך טאַקע נישט, נאָר עפּעס זאָגט מיר ס'האַרץ, אַז מיר

וועלן איבערלעבן די היטלעריסטן. וואָרעם אויב זאָלן מיר דעם פונק האָפענונג פאַרלירן, דאַן זענען מיר זיכער פאַר־פאַלענע. ווי פלעגט זאָגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער? „יידן, זייט זיך נישט מייאש״. אין אַן עת צרה דאַרף מען דאָס גוט אין זינען האָבן.

דאָס ערגסטע האָב איך געהאַט אויסצושטיין פון מיינע חברים נאָך אַ סעלעקציע. דעמאָלט פלעגן זיי מיך ערשט רעכט נעמען מוטשען מיט טענות און שאלות: „וועסט נאָך אַלץ גלייבן אין דיינע פוסטע חלומות? שלאָג זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ. דיינע פאַנטאַזיעס האָבן קיין שום האַפט״.

איין מאָל ביי אַזאַ שפּאַרעניש, בין איך שוין אַ ביסל אַרויס פון די כּלים און זיי צוריק געענטפערט מיט אַ קשיה:

— וואָס אייגנטלעך האָט איר צו מיר? קיין קאָנטראַקט האָב איך אייך דאָך נישט אונטערגעשריבן. איר ווילט וויסן וואָס איך זאָג אַצינד דערצו? איך זאָג דאָס זעלביקע ווי ביז איצט: „מ׳האָט זיי אין דר׳ערד״. איבריקנס, צו וואָס דאַרפט איר מיך מוטשען און זיך אַליין אָנגרייטן באַצייטנס צרות? ווייסט איר דאָך אַזוי ווי איך פונעם גמרא־כּלל: „אין מקדימין לפּרעניות״ (צרות דאַרף מען זיך נישט צוגרייטן פון פאַרויס).

— כ׳האָב דערמיט מכוון געווען זיי זאָלן מיך שוין אויפ־הערן צו מאַטערן, ס׳זאָל שוין נעמען אַ סוף צום פּילפּלען זיך, ווער ס׳וועט אין אונדזער גרויסער בראָך זיין דער גע־רעכטער: איך מיט מיינע בטחון־רייד, אָדער זיי מיטן פּע־סימיזם.

ערשט נאָך דער מעשׂה מיט דער „זאָנדער־קאָמאַנדע״, איז מיר געראָטן אַז זיי זאָלן באַקומען עטוואָס אַן אַנדערע באַציִונג צו מיר און אָנהייבן גלייבן אין מיינע אָפּטימיס־טישע געדאַנקען.

דאָס איז געווען בעת מען האָט באַפוילן אין יענעם פרימאָרגן די שוסטער און שניידער „אַנצוטרעטן", מיטן ציל זיי איינצושפּאַנען צו דער שמוציקער אַרבעט אין דער „זאָנדער־קאָמאַנדע".

מיינע חברים שליאַמעק און הערשל זענען דעמאָלט, פון גרויס פאַרצווייפלונג, שוין גרייט געווען צוצולויפן צו די עלעקטריזירטע שטעכלדראָטן, געוואָלט בעסער ענדיקן מיט זייער לעבן, איידער אַרבעטן אין דער „זאָנדער־קאָ־מאַנדע". צום גליק איז מיר געראָטן זיי דערפון אָפּצוּווענדן. — איר זאָלט דאָס נישט וואַגן צו טאָן — האָב איך אויף זיי אָנגעשריגן מיטן גאַנצן כּוח — צו דעם „גליק" האָט מען תּמיד צייט. ווי לאַנג די אויגן זענען אָפן און ס׳קלאַפּט נאָך דער דופק ביים מענטשן, איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ האָפענונג. דאַקעגן פון די עלעקטרישע דראָטן, קאָנסטו מער ווי דעם טויט נישט דערוואַרטן. אַחוץ דעם, איז דאָך נאָך מעגלעך, זיך צו קאָנען אַרויסדרייען פון דער שרעקלעכער מלאָכה.

די דאָזיקע שטראָפּרייד מיינע האָבן טאַקע געהאַט אַ פּעולה — אַ סך מער, ווי די בטחונדיקע, מיט וואָס כ׳פלעג זיי אָפט קאָרמען. אין יענעם ערגסטן, שווערסטן און אפשר אויך לעצטן עטאַפּ אונדזערן, זענען אַזעלכע ווערטער זיכער געווען נייטיק, צו קאָנען מנצח זיין די מרה־שחורהדיקע מחשבות, וואָס זענען געווען מסוגל צוזאַמענצוברעכן און פירן צו אַ פאַטאַלן טאַט.

גרויס איז בכן געווען מיין פרייד, זעענדיק מיינע חברים שליאַמעק און הערשל, צוזאַמען מיט מיר, אויסגע־לייזטע פון דער „זאָנדער־קאָמאַנדע" דורכן אָבערקאַפּאָ. ער

האָט אונדז פון דאָרט באַפרייט אַלס קוואַליציפירטע פאַכ־מענער.

כ׳בין געווען שטאָלץ, וואָס מיין נביאות, אַז מען וועט אפשר ניצול ווערן צו געהערן צו דער „זאָנדער־קאָמאַנדע”, איז מקוים געוואָרן. די סאַטיספאַקציע איז אויך דערנאָך ביי מיר געווען גרויס דערפון, וואָס אויב איך האָב פאַר זיי ווידער איבערגעחזרט מיינע ווערטער „מ׳האָט זיי אין דר׳ערד”, האָבן זיי שוין מער נישט געלאַכט דערפון, ווי פריִער, נאָר אַפילו צוגעבן „אין דר׳ערד מיט די ביינער”...

# זאַנדער־קאָמאַנדע

צווישן אַלע שרעקלעכע געשעענישן האָבן מיר אין איין נאַכט געהאַט גאָר אַ „וואַזשנעם סורפּריז״.

געווען איז עס אין די זומער־חדשים פון פיר און פערציק, בעת ס׳פלעגן טאָגטעגלעך קומען גרויסע טראַנספּאָרטן יידן, מייִנסטנס פון אונגאַרן.

איין מאָל אין מיטן נאַכט ווערן מיר פּלוצעם אויפגעוועקט פונעם גאַנג. בלאָקעלטסטע מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג, ווי בלאָקשרייבער, שטובנדינסטן און נאַכטוואַכעס, מיט קולות און געפּילדער, נעמען אַלעמען יאָגן צום פּלאַץ, וווּ ס׳געפינט זיך די ס. ס.־שרייבשטובע. ווי אָפט מאָל אין אַזוינע פאַלן, האָט מען אויך דעמאָלט אין פלוג נישט געוווּסט סאַראַ פרישע פּלאָג ס׳קומט ווידער פאַר אונדז. די השערה, אַז ס׳דערנענטערט זיך די שעה פון אונדזער סוף, אויף וואָס מען פלעגט זיך תמיד ריכטן, האָט שוין קיינעם נישט איבעררראַשט. מען איז שוין פשוט געווען צוגעוווינט און גרייט דערצו.

אַן אויסטערלישן איינדרוק האָבן געמאַכט אין דער פינצטערקייט פון יענער נאַכט די שטאַרקע ליכטשטראַלן פון די פּראָזשעקטאָרן, וואָס האָבן באַלויכטן דעם לאַגער און געשטאָכן די אויגן פון די נאָך האַלב פאַרשלאָפענע מאַסע מענטשן. דער טומל און די געשרייען פון די לאַגער־געטער און זייערע משרתים, צוזאַמען מיטן שרעקלעכן שטויב פון די געטריבענע קאַצעטלער ביים שטאַרקן ליכט, האָט געשאַפן אַ משונהדיקן אויסזען.

דערנענטערנדיק זיך צו די מחבלים, וואָס האָבן אויף אונדז געוואַרט ביי דער שרייבשטובע, איז פאַר אונדז ערשט קלאָר געוואָרן וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, צוליב וואָס מען נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק און גיך אין אונדז, פאַר וואָס זיי קאָנען זיך שוין נישט דערוואַרטן ביזן פרימאָרגן, נאָר מוזן דאָס טאָן בחצי-הלילה. דאָס האָבן זיי בדעה צו פאַרגרעסערן די „זאָנדער-קאָמאַנדע", כדי צו ליקווידירן די גרויסע צאָל מתים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פון די כסדרדיקע טראַנספּאָרטן יידן.

געהערן צו דער „זאָנדער-קאָמאַנדע" וועמענס טועכץ איז, ווי באַוווּסט, געווען צו אַרבעטן ביים גאַזקאַמער און קרעמאַטאָריע, איז ווייט נישט געווען פון די „געשמאַקע זאַכן". עפּעס אַ קלייניקייט? טאָג-איין טאָג-אויס רק זיך מתעסק זיין מיט מתים, אָפט מאָל נאָך וואַרעמע, וואָס זענען אָקערשט געשטאַנען לעבעדיק פאַר דיינע אויגן, צו מאָל נאָענטע און אייגענע, חברים צי פריינד, וואָס דו ביסט מחויב מיט דיינע הענט זיי אַריינצושטופּן אין קאַלכאויוון.

עס פלעגט אויך טרעפן, אַז ס'האָט פאַרפעלט אינעם גאַזקאַמער דער סם צום דערשטיקן אַ טראַנספּאָרט קינדער, האָט זיי די „זאָנדער-קאָמאַנדע" געמוזט וואַרפן אין דער קרעמאַטאָריע לעבעדיקערהייט.

דער בזיון המת איז דאָרט כלל נישט חל געווען. מ'איז געווען געצוווּנגען צו וואַרפן די מתים פון איין אָרט אויפן אַנדערן, ווי להבדיל שמאַטעס, און פאַרן פאַרברענען זיי אין קרעמאַטאָריע אויך געמוזט ביי זיי אַרויסרייסן די ציין פון זייערע מיילער. צו די אַלע „גליקן" האָבן די מענטשן פון דער „קאָמאַנדע" נישט געטאָרט קומען אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע לאַגערניקעס, כדי די „געהיימניש-טרעגער" זאָלן

חלילה נישט אויסזאָגן די „סודות פון חדר". גלייך ווי מיר וואָלטן נישט געוווסט, וואָס אַזוינס ס'געשעט מיט די מענטשן אין דער טויטפאַבריק.

צוליב דעם געזאָגטן איז אויך קיין רייד נישט געווען, אַז די „זאָנדעריסטן" זאָלן אַ מאָל קאָנען בייטן זייער אַרבעטספּלאַץ, ווי אין אַנדערע קאָמאַנדעס. האָט מען זיך נישט געריסן צו געהערן צו אָט דער קאָמאַנדע. טראָץ דעם, וואָס אין אָט דער קאָמאַנדע איז נישט געווען די פּרנסה־דאגה. פאַרקערט. די „זאָנדעריסטן" האָט נאָך געסטייעט אַ סך מאָל צו העלפן אַנדערע חברים, וואָס פלעגן זיך איינ־שטעלן און זיך אַריינקריגן אין זייער בלאָק אַריין. מען האָט אַפילו פון זיי אַ מאָל באַקומען אַ קריגל איינגע־מאַכטס. אַ טעפּל שמאַלץ, וואָס זיי פלעגן מיטברענגען פון קרעמאַטאָריע. ס'האָט אַ מאָל געטראָפן, אַז גראָבנדיק מיטן לעפל אינעם טעפּל אָדער קריגל, זאָל מען דערפון אַרויס־שלעפּן אַ גאָלדן קייטל, אַ רינגל, אַ זייגערל, צי סתם אַ ווערטפולע גאָלד־מטבע, וואָס די דעפּאָרטירטע יידן האָבן דערין באַהאַלטן. דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט געבאַ־קענע קיכעלעך, אין וועלכע מען פלעגט ביים צעקייען אָנ־טרעפן אויף אַ פּאַפּירענעם באַנקנאָט.

די „זאָנדער־קאָמאַנדע" האָט אויך געהאַט אַ בעסער בעט צום שלאָפן, מיט אַ ליילעך און קאָפּן־קישעלע, אויך ריינע וועש — אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס פלעגן פאַר אַזוי פיל אַנדערע קאַצעטניקעס זיין בלויז אַ חלום.

הגם אויך די אַנדערע קאָמאַנדעס האָבן געטויגט אויף כּפּרות, און אין ערגעץ איז מען נישט זיכער געווען מיטן לעבן, האָט אָבער פון דעסטוועגן נישט געצויגן צו געהערן צו אָט דער „גליקלעכער זאָנדער־קאָמאַנדע". מען האָט ווי

ווייט מעגלעך געוואָלט זיין אין אָרדענונג מיט זיך גופא און מיט אַ ריין געוויסן קאָנען זיך זאָגן: „ידינו לא שפכו את הדם הזה". דערפאַר אונדזער נישט שטופן זיך אין יענער נאַכט, בעת די נאַצים האָבן פאַרגרעסערט די „זאָנדער־קאָ־מאַנדע". מיר האָבן זיך דעמאָלט באַמיט צו בלייבן פון די לעצטע, מיטן בטחון דאָס אפשר אויסצומיידן.

וכך הווה. מיט אַ מאָל ווערט ווידער אַ ליאַרעם, אַ גערודער, ס'דערהערן זיך געשרייען: „אַלעס צוריק אין בלאָק אַריין". איז דאָך גוט, ס'האָט זיך געקענט דוכטן אַז מען איז שוין פטור דערפון. אָבער ניין. אויף צו מאָרגנס — ווידער אַ באַפעל: „אַלע שוסטער און שניידער אַנטרעטן", טאָקע ווידער צום זעלביקן שמוציקן עניין, וואָס נעכטן ביי נאַכט.

טרויעריק און ביטער איז אונדז געוואָרן אויפן האַרצן. איצטער זענען מיר שוין, הייסט עס, פאַרפאַלענע, איצטער ווערן מיר זיכערע קאַנדידאַטן פאַר דער שענדלעכער און שרעקלעכער מלאכה. אָט זיצט מען שוין אויפן פּלאַץ אין רייען, פאַרזונקען אין פינצטערע מחשבות. יעדער פון אונדז לייגט אַרוים פון זיך אויף דער ערד זיין „פאַרמעגן": ווער אַ שטיקל ברויט, ווער אַ פּאָר פּאַפּיראָסן, ווער עפּעס מזומן, וואָס וועט „דאָרט" מער נישט נייטיק זיין פאַר אונדז. זאָלן נאָך אונדזער אַוועקגיין דערפון געניסן אַנדערע קאַצעט־ניקעס. די יאוש־שטימונגען זענען ביי אונדז מוראדיק גע־וואַקסן.

ווי מיר זיצן אַזוי, דערזעען מיר אָנקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיט זיין סוויטע, באַגלייט פונעם אָבער־קאַפּאָ פון דער שוסטעריי און שניידעריי. ריי נאָך ריי גייט אַדורך דער קאַפּאָ און ווייזט אָן אויף וועמען ער האָט געוואָלט,

יענער זאָל זיך אויפשטעלן און גיין אין אַ זייט.

געזען האָט מען, אַז ער קלייבט זיך אויס די גוטע פּאַכמענער, מיט וועלכע ער וויל נאָך אַ פּנים אָנהאַלטן די וואַרשטאַטן, כדי ווייטער צו קאָנען קיניגן אין לאַגער. היות איך בין דאָרט אָנגעגאַנגען אַלס ספּעציאַל־אַרבעטער פון דער שטעקלאַטשן־מלאכה, דאַרף איך דאָך אייגנטלעך אויך געניסן דערפון און געהערן צו די אויסגעקליבענע, האָב איך זיך געזאָגט. דעריבער, בעת דער קאַפּאָ איז פאַרבייגעגאַנגען מיין ריי, האָב איך זיך באַמיט, צו ציִען אויף זיך זיין אויפ־מערקזאַמקייט. קוקנדיק אים גלייך אין פּרצוף, האָב איך אים ממש געבעטן מיט די אויגן, ער זאָל אויך מיך פון דאָרט באַפרייען. און ס׳האָט מיר אָפּגעגליקט. דאָס זעלביקע אויך מיינע חברים שליאַמעק און הערשל. דאָס איז ביי מיר געווען אַ טאָפּלט גליק. מחמת מיט מיינע מוסר־רייד האָב איך, ווי שוין דערמאָנט אינעם פריִערדיקן קאַפּיטל, זיי אָפּ־געהאַלטן פון זעלבסטמאָרד.

צו דער „זאָנדער־קאָמאַנדע" איז ענדלעך דערגאַנגען דער טרויעריקער אמת, וואָס אַזוינס ס׳איז געשען מיט די חברים פון די פריִערדיקע „זאָנדער־קאָמאַנדעס", לגבי וועלכע די היטלעריסטן האָבן באַנוצט זייער שווינדלערישע טאַקטיק. דהיינו, בעת ס׳פלעגן אַ שטיקל צייט נישט קומען קיין טראַנספּאָרטן יידן צום פאַרטיליקן, און ס׳האָט נישט געקלעקט פאַר אַלעמען קיין „אַרבעט", האָבן די תלינים דעמאָלט אַ טייל פון דער קאָמאַנדע אַוועקגעפירט נישט אויף קיין אַנ־דערער אַרבעט, ווי זיי פלעגן דאָס וועלן איינרעדן, נאָר זיי פאַרנאַרט ערגעץ ווו, דאָרט זיי דערמאָרדעט און דערנאָך זייער טויטע גופים צוריקגעבראַכט צום פאַרברענען אין דער קרעמאַטאָריע אין בירקענאַו.

הייסט עס, אַז די רוצחים וועלן טאָן דאָס זעלביקע אויך מיט דער איצטיקער „זאָנדער־קאָמאַנדע" ווען ס'וועט האַלטן דערביי. איז דעריבער הבה ונתחכמה, דאַרף מען זיין צוגע־גרייט נישט צו לאָזן אַז דאָס זאָל זיי אַזוי גרינג אָנקומען. און ביי די „זאָנדעריסטן" איז דעמאָלט באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרווירקלעכן דעם שוין בשעתו געפּלאַנטן אויפשטאַנד. אַליין איינס וועלן זיי דאָך אומקומען, האָבן זיי זיך געזאָגט. זאָלן כאָטש מיט זיי אויך געהרגעט ווערן אַ ביסל ס. ס.־לייט און זייערע לעבנס זאָלן נישט האָבן פאַרלוירן געגאַנגען בחינם. אַחוץ דעם איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, ס'זאָל בשעת מעשׂה געראָטן אַ צאָל מענטשן זיך צו ראַטעווען און אַרויס פון לאַגער.

דער אויפשטאַנד האָט איינגנטלעך געזאָלט אויסברעכן מיט שיינע חדשים פריִער, אַ שטיקל צייט נאָכן אויפשטאַנד אינעם וואַרשעווער געטאָ. אין אַ טאָג, בעת מיר זענען ווי תמיד געזעסן אין די וואַרשטאַטן ביי דער טעגלעכער אַרבעט, איז פּלוצעם געוואָרן איבערגעגעבן פון איינעם צום אַנדערן צו זיין גרייט צו אַן אויפשטאַנד, וואָס דאַרף פאָרקומען היינט פאַר נאַכט, נאָכן אַפּעל. ווי נאָר מען וועט דערהערן דעם קלונג פונעם גאָנג, דאַרף מען זיך אַ לאָז טאָן גאַלאָפּ צום אַרויסגאַנג ווו ס'געפינט זיך די ס. ס.־שרייבשטובע. דער עלעקטרישער שטראָם וועט איבערגעריסן ווערן, די שטעכל־דראָטן — אויפגעהאַקט, און מיר אַלע וועלן אַרויס פון לאַגער. קיין קשיות: ווער, וואָס, ווען — איז נישט שייך געווען צו פרעגן. „הער, וואָס מען רעדט צו דיר, און פּטור".

מילא, הערן איז הערן. זיין גרייט איז זיין גרייט. מיט וואָס זיין גרייט, מיט וועלכע כלי־זינם? מיטן אויסגעמאַ־טערטן שוואַכן גוף, וואָס האַלט קוים די נשמה אין זיך?

אמת טאַקע, אַז פון דער איבערראַשונג האָבן אַ סך באַקו־מען בויך־דרייעניש. אַ טייל אַפילו שילשול. מען איז אָבער געווען פעסט ביי דער מיינונג, אַז הגם דער אויפשטאַנד וועט זיכער ברענגען קרבנות, איז עס פון דעסטוועגן כּדאַי. מחמת צו געווינען דערפון איז פאַראַן וואָס, און צו פאַר־לירן — גאָרנישט. סוף כל סוף, אַ בעסערע קאָמאַנדע, צי אַן ערגערע קאָמאַנדע, לעבעדיק וועט מען אונדז נישט אַרויס־לאָזן. איז וואָס ס׳דאַרף זיין שפּעטער, זאָל געשען איצטער, און אַן עק זאָל עס נעמען. וויפיל מענטשלעכע לעבנס ס׳וועלן זיך דערביי ראַטעווען, וועט זיין אַ געווינס און ס׳וועט האָבן געלוינט. אַזוי האָבן כמעט אַלע געטראַכט.

געמוטיקט זענען מיר אויך דעמאָלט געוואָרן פון די ידיעות וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. די פּאַ־ליאַקן, וואָס זענען געקומען אין לאַגער, האָבן איבערגעגעבן וועגן דער העלדישקייט פון די יידן אין געטאָ, וועלכע האָבן געקעמפט וואָכן לאַנג, כמעט מיט ליידיקע הענט, קעגן די היטלעריסטן, און דערהרגעט אַ גרויסע צאָל פון זיי. דאָס האָט אונדז אָנגעגורט מיט מוט און האָפענונג, אַז אויך מיר וועלן אפשר דערגרייכן דעם ציל, וואָס ס׳שטעלט זיך דער אויפשטאַנד און מען האָט זיך געגרייט צו אים מיט דער תפילה, ער זאָל געראָטן.

מיט גרוים ביטערניש און שברת־הלב האָבן מיר יענעם נאָכמיטאָג אויפגענומען דאָס אָפּרופן דעם אויפשטאַנד. ער איז קענטיק נאָך נישט צייטיק געווען. דאָס האָט אַלעמען פאַרשטייט זיך אַנטוישט, געמאַכט צערונען די פרייהייט־חלומות, וואָס האָבן אַ ווײַלע שוין געהאַט געהיילט דאָס געמיט.

די „זאָנדער־קאָמאַנדע" האָט דאָס טאַקע דעמאָלט גע־

גרייט אויסצופירן. צו דעם צוועק האָבן זיי זיך באַזאָרגט מיט דינאַמיט אונטערצומינירן די קרעמאַטאָריע, און אַזוי־ערנאָך קודם־כל צו צעשטערן אַ טייל פון דער דאָרטיקער פאַרניכטיקונגס־קראַפט, וואָס וועט אויף אַ צייט איבערגע־ריסן ווערן, און ביי דער געשאַפענער פּאַנישער סיטואַציע זיך אַרויסצובאַקומען פון קאַצעט, און ווי באַלד נישט — כאָטש באַווייזן צו דערמאָרדן אַ ביסל ס. ס.־לייט.

דעם דינאַמיט האָבן זיי באַקומען אַ דאַנק יידישע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין פּולווערראום־אָפּטייל פון דער פאַבריק „אוניאָן". פיר יידישע מיידלעך, וואָס האָבן פון דאָרט אַרויסגעטראָגן דעם אויפרייסשטאָף, זענען דערפאַר שפּעטער געוואָרן אויפגעהאָנגען דורך די נאַצי־באַנדיטן. ווערליק ס׳גיט איבער פּראָפעסאָר בערל מארק ע"ה אין אַ פראַגמענט צום אַריינפיר פונעם „בוך פון אָשוויענטשים" זענען דאָס געווען: ראָזאַ ראָבאָטאַ, בעלאַ גערטנער, רע־גינאַ סאַפיר און אסתר ווייסבלום.

דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן אין אַ נאָכמיטאָג, אָנהייב אָקטאָבער פיר און פערציק. בעת די אויסערן־קאָ־מאַנדעס האָבן שוין גענומען טיילוויז זיך אומקערן אין לאַ־גער אריין, זענען זיי פּלוצעם געוואָרן נשתומם, זעענדיק די קרעמאַטאָריע אין פלאַמען און הערנדיק די הילכיקע הורא־געשרייען פון די אויפשטענדלער: „כלאָפּצי ז׳נאַמי, מיר זענען פריי"!

אַרויסרייסנדיק זיך פון לאַגער, האָבן די „זאָנדערישטן" באַוויזן פריִער צו דערהרגענען עטלעכע ס. ס., אַזוי ווי זיי האָבן זיך פאַרגענומען, און אַן ערך צוואַנציק פון זיי פאַר־וווּנדעט. ס׳זענען אויך אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז זיי זאָלן האָבן בעת מעשׂה אַריינגעוואָרפן אין דער ברענענדיקער

קרעמאַטאָריע דעם ממונה איבער דער קרעמאַטאָריע, מיט זיינע צוויי אַדיוטאַנטן, און זיי זענען לעבעדיקערהייט פאַר־ברענט געוואָרן.

מ'קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן דעם קטב־מרירי, וואָס איז דעמאָלט אַנטשטאַנען. אַ סך פון די לאַגערניקעס, וואָס האָבן דאָס בייגעווווינט, זענען צוגעשטאַנען צו די אויפ־שטענדלער און מיט זיי מיטגעלאָפן. וויפל ס'האָבן דאָס גע־טאָן, ווייסט מען נישט גענוי.

ווען די נייעס פון אויפשטאַנד איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אין לאַגער גופא, האָבן מיר אין פלוג זייער מקנא געווען די אויפשטענדלער דערמיט, וואָס זיי זענען שוין זיכער אויף דער פריי, פּטור געוואָרן פון דעם שאול־תחתיה. מיר האָבן שטאַרק באַדויערט, וואָס מיר האָבן נישט געוווּסט דערפון, מיר וואָלטן אפשר אויך געקאָנט אויסנוצן דעם שעת־הכושר אַרויסצוקומען פונעם גיהנום.

קיין סך מענטשן האָבן דעמאָלט, זיך נישט געראַטעוועט. כמעט אַלע זענען זיי אומגעקומען. ווי באַוווּסט, האָט דער לאַגער אַרומגענומען אַ שטח פון אַ סך קוואַדראַט־קילאָמע־טער. יעדער קילאָמעטער איז געווען אַרומגערינגלט און באַ־וואַכט פון ס. ס. אין זייערע וואַכטורעמס, פון וואַנען זיי האָבן געקאָנט אַלץ אָבסערווירן און זען. די אויפשטענדלער האָט זיך איינגעגעבן אַדורכצורייסן דורך דער ערשטער פּאָסטן־קעטע, אָבער הינטער זיי זענען געווען אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן זיי באַוואָרפן מיט קוילן פון זייער מאַשינגעווער. די וואָס האָבן באַוויזן ניצול צו ווערן פון די קוילן און זע־נען אַנטלאָפן אין די שכנותדיקע וועלדער, זענען געוואָרן נאָכגעיאָגט פון אַ מחנה ס. ס. מיט אויטאָס און מאָטאָציק־לען, און מ'האָט זיי כמעט אַלע דערשאָסן. אַ טייל אויפשטענ־

דלער זענען פון די ס. ס. געבאַפּט געוואָרן לעבעדיק און דערנאָך דורך זיי דערמאָרדעט געוואָרן.

אָט אַזוי האָבן פאַרענדיקט זייער גרוויליקע געשיכטע די אַנוסים פון דער „זאָנדער-קאָמאַנדע", דורך וועמענס הענט ס'זענען פאַרביי אַזויפיל קדושים וטהורים, יידישע נפשות, פאַרטיליקטע פון די נאַצים.

# אַרויס מגיא צלמוות

די סאַמע גרעסטע אָפּטימיסטן האָבן נישט פאַנטאַזירט, אַז מיר וועלן פון אוישוויץ אַרויס לעבעדיק, נאָך איידער די נאַציס וועלן ברעכן האַלדז און נאַקן. אָבער אַז מען לעבט, דערלעבט מען, און אַזאַ טאָג איז געקומען.

געווען איז עס סוף אָקטאָבער פיר און פערציק. די טראַנספּאָרטן יידן, וואָס די היטלעריסטן פלעגן ברענגען אין דעם טויטנלאַנד צום אומקום, האָבן זיך שוין געהאַט אָפּגע־שטעלט (ס'איז שוין אייגנטלעך נישט געווען פון וואַנען זיי צו ברענגען). אויפן מזרח־פראָנט האָבן דעמאָלט די נאַצי־האָרדעס באַקומען שווערע קלעפּ. די רוסן האָבן זיי גענומען צוריקשטויסן און זיך דערנענטערט קיין פוילן. וואָלטן דאָך די היטלעריסטן געדאַרפט האָבן מיט זיך צו טאָן און אין אונדז אַ ביסל פאַרגעסן. אָבער ניין, דאָס נישט. די „סחורה" די קאַצעטניקעס, הייסט עס, ווילן זיי פון דעסטוועגן קאָנ־סערווירן. ראשית, כדי ס'זאָלן נישט אַריינפאַלן צו די רוסן עדות פון זייערע פאַרברעכנס, שנית, כדי נאָך פון אונדז אויסצוקוועטשן דעם סאַמע לעצטן טראָפּן בלוט און כוח. זיי האָבן בכן באַשלאָסן דעם לאַגער צו עוואַקויִרן און די יידישע שקלאַפן פאַרשלעפּן ערגעץ אינעם „דריטן רייך" אַריין.

אַ רעש אַ טומל: „אַלעם אַנטרעטן!" באַלד ווערט אַ געפילדער, אַ געשריי, בלאָקעלטסטע, קאַפּאָס, מיטן גאַנצן לאַגער־געמויזעכץ אַרבעטן מעשים, לויפן אַהער און אַהין, ווייסן אַליין נישט, וואָס אַזוינס ס'איז געשען אין מיטן העלן טאָג.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ערשטע איז אונדז געקומען אויפן רעיון די קרעמאַטאָריע, וואָס איז מוכן ומזומן אונדז „אויפצונעמען”. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און ס׳איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן עוואַקואַציע.

אַ מהומהדיקע פּאַניק באַהערשט אויף ס׳ניי אַלעמען. וואָס עוואַקואַציע, ווען עוואַקואַציע, ווו עוואַקואַציע? אַ סך פון אונדז זענען ביי דער מיינונג, אַז דאָס שמעקט מיט עפּעס בייז. „ס׳וואָלט געווען צו גוט, אַז ס׳זאָל זיין אמת” זאָגן זיי. וואָרעם ווי איז דאָס מעגלעך? ווי קאָן דאָס זיין, פרעגן זיי, אַז די נאַציס זאָלן מיט אַ מאָל ווערן אַזוינע „צדיקים” און אונדז גאָר אַרויספירן פון אוישוויץ? מיר האָבן געוווּסט, וואָס די ס. ס. פלעגן טאָן מיט דער „„זאָנדער-קאָמאַנדע”, בעת זיי האָבן זיך נישט שטאַרק גענייטיקט אין זייער אַר־בעט, האָט מען גענומען ציטערן, צי דאָס איז נישט זייער כוונה אויך מיט די איצטיקע טראַנספּאָרטן, אַנצווּוענדן די זעלביקע טאַקטיק אויך מיט אונדז. אָט זעט מען שוין פירן גרופּעס קאַצעטלער צו די וואַגאָנעס, וואָס שטייען גרייט אויף דער ראַמפּע.

ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז יעדער קאַצעטניק באַ־קומט ביים איינשטייגן אין וואַגאָן אַ גאַנץ ברויטל מיט אַ פּעקעלע מאַרגאַרין, איז נאָך גרעסער געוואָרן די מורא, צי דאָס איז נישט אַ מאָל אַזאַ מין פּולאַפּקע אונדז אַזויערנאָך ערגעץ צו פאַרנאַרן, ווי די היטלעריסטן פלעגן דאָס טאָן מיט די מענטשן, וואָס זענען אָנגעקומען אַהין: מ׳האָט זיי געגעבן צו שטיקלעך זייף, זיי זאָלן מיינען, אַז מען פירט זיי צום אויסבאָדן זיך, און אַנשטאָט דעם — זיי אַריינגעשיקט אין גאַזקאַמער.

גערוען אַזעלכע, וואָס זענען נישט מסכים געווען מיט

די פּחד־השערות: ווי באַלד די נאַציס מיינען אונדז אומצו־ברענגען — זאָגן זיי — דאַרפֿן זיי נישט מאַכן קיין קונצן. קיין בעסערע טויטפאַבריק, ווי זיי האָבן דאָ מיט די קרע־מאַטאָריעס, דאַרפֿן זיי נישט זוכן. איי דאָס, וואָס זיי זע־נען מיט אַ מאָל געוואָרן ברייטהאַרציקע מנדבים, טיילנדיק יעדן צו גאַנצע ברויטלעך מיט פּעקלעך מאַרגאַרין, איז דאָס מסתמא — זאָגן זיי — דערפֿאַר, וואָס מיר מוזן זיך פֿאַרנעמען אויף אַ ווייטער נסיעה, וואָס קאָן דויערן ווער ווייסט ווי לאַנג. ווי ס׳זאָל נישט זיין, זאָגן זיי ווייטער, טראַץ דעם, וואָס מען איז שוין דאָ צוגעוווינט צו די צרות און „איינגעבירגערט״, ווי אַלטע תושבים, דאַרף מען פֿון דעסטו־וועגן זיין גליקלעך צו קאָנען אַרויס פֿון דאַנען. ווי ס׳זאָל נישט זיין, אַבי פּטור ווערן פֿון די קאַלכאַויוונס.

אונדזער אָבער־קאַפּאָ פֿון דער שוסטעריי, דער ביליצער פּאָליאַק מיט די „לינקע אָנשויונגען״, וויסנדיק אַז מיט אונ־דזער אַוועקגיין פֿון דאָרט, וועט זיך ענדיקן זיין קיניגרייך, האָט געקערט וועלטן. מיט אַלע כּוחות האָט ער געפּרוּווט ווירקן אויף אונדז, מיר זאָלן זיך נישט איילן מיטצוגיין מיט די טראַנספּאָרטן. ער וועט פּועלן, זאָגט ער, ביי דער לאַגער־פֿירונג, יענע זאָלן אונדז איבערלאָזן אַלס פֿאַך־ספּעציאַליסטן. אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן יענעם טאָג בעת מיר האָבן געזאָלט גענומען ווערן אין דער „זאָנדער־קאָמאַנדע״. פֿאַר איין וועגס זאָגט ער אונדז צו גאָלדענע גליקן. ס׳וועט אונדז דאָ, זאָגט ער, זיכער זיין בעסער פֿון די יעניקע, וואָס גייען מיט די טראַנספּאָרטן, וואָס מ׳קאָן נישט וויסן וווּהין זיי ווערן געפֿירט און וואָס ס׳וועט מיט זיי געשען.

דעם קאַפּאָס דיבורים, מיט וועלכע ער איז זיכער אויסן געווען זיין טובה ווי אונדזערע, האָבן אָבער, וואָס אַן אמת,

אונדז באַוויזן זיך צו פאַרטראַכטן. הגם מיר האָבן געוווּסט, אַז נישט מיר וועלן זיין דער פּוסק־אחרון און די דעה־זאָגערס ביים דעצידירן וועגן דעם, האָט מען פון דעסטוועגן אַרויס־געזאָגט פאַרשידענע מיינונגען.

טייל האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז אַ בפירושע סכנה דאָ צו פאַרבלייבן. ווי באַלד ס'איז טאַקע אמת, אַז די רוסן דער־נענטערן זיך אַהער, וועלן די ס. ס. אין דער לעצטער מינוט אַלעמען אומברענגען, כדי ס'זאָלן נישט בלייבן קיין שפּורן און לעבעדיקע עדות וועגן זייערע פאַרברעכנס.

ביי אַנדערע ווידער איז די מיינונג געווען אַ פאַרקערטע. ס'איז יאָ כדאי צו בלייבן אויף אַן אָרט, האָבן זיי געטענהט. דאָ, זאָגן זיי, ווייסט מען שוין על כל פּנים ווו מיר זענען. דאַקעגן מיט די טראַנספּאָרטן קאָן מען נישט וויסן ווו מען וועט אונדז פאַרשלעפּן און צו וואָסערע פרישע צרות.

פון דעם גאַנצן פּשטלען זיך איז סיי ווי גאָרנישט אַרויס־געקומען. איידער וואָס, ווען, דערהערט מען: „אַלעם אַנ־טרעטן"! דאָס מיינט מען טאַקע אונדז אויך. ס'איז קענטיק נישט דערפילט געוואָרן דעם קאַפּאָס בקשה, פון וואָס דער גרעסטער טייל פון אונדז איז געווען צופרידן. צרות רבים חצי נחמה, איז בכן גלייכער צו זיין מיטן כלל.

צו די וואַגאָנעס זענען מיר געקומען פון די סאַמע לעצ־טע. יעדן פון אונדז האָט מען טאַקע אויף אַן אמת דער־לאַנגט צו גאַנצע ברויטלעך מיט פּעקלעך מאַרגאַרין אויף צידה־לדרך. מיר האָבן נישט געגלייבט אונדזערע אויגן. ממש משיחס צייטן.

כדי מיר זאָלן זיך נישט צעבאַלעווען מיט דער חיונה, נאָר לעבן דערמיט בצימצום ביז מיר וועלן אָנקומען אויף אַן אָרט, האָבן מיינע חברים שליאַמעק און הערשל מיך גע־

מאַכט פאַרן אַפּוטרופּוס איבער אונדזערע דריי פּאַרציעס, וואָס מיר האָבן באַקומען.

מיט אַ מאָל פאַרהאַקן זיך די טירן פון די וואַגאָנעס און דער צוג הייבט אָן פּאַוואָלינקע רירן פון אָרט.

נאָכן אָפּפאָרן אַ שטיקל וועג, האָבן מיר דורך די פאַר־קראַטעטע פענצטערלעך פון וואַגאָן דערזען, אַז מיר גע־פינען זיך שוין אויסערהאַלב אוישוויץ. זעענדיק פאַר זיך גאַנץ אַנדערע פּייזאַזשן, גיב איך אַ זאָג מיט שׂמחה צו מיינע חברים.

— נו, חברה, וואָס האָב איך אייך געזאָגט? איר וועט זען, אויב מיר האָבן דערלעבט אַרויסצוקומען פון אוישוויץ, וועלן מיר משיחן אויך נאָך דערלעבן...

— אָמן, הלוואי! פון דיין מויל אין גאָטס אויערן אַריין — ענטפערן מיר מיינע חברים, האַלב איראָניש, האַלב ערנסט — ווי האַלט מען שוין דערביי, טאַטע זיסער... ווען? ווען וועט עס געשען? ביז מען וועט דערלעבן די נחמה, וועט דערווייל אויסגיין די נשמה...

— איר מעגט זאָגן וואָס איר ווילט, אַפילו לאַכן פון מיר וויפל איר האָט חשק, איר וועט אַ מאָל דערמאָנען מיינע ווערטער. איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל: מיר זענען שוין גע־האָלפן דערמיט, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט אוישוויץ, און כאָטש מיר ווייסן נישט צו סאַראַ הרי־חושכם מען פירט אונדז, דאַרף מען אָבער זיין גליקלעך זיך צו דערווייטערן פון אָט דעם גיהנום.

מיינע חברים האָבן דערויף געענטפערט מיט אַ זיפץ.

ס'האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט, מיר האָבן גענומען טועם זיין צו שטיקלעך ברויט און זיך געגרייט צו כאַפּן אַ דרעמל. אָבער ווי אַזוי איז עס מעגלעך? אין

דער ענגשאַפט איז אַפילו נישט מעגלעך געווען זיך אַנידער־צוזעצן. אַריינגעפּרעסט איינער צווישן צווייטנס פיס, האָט מען זיך געהוידעט און געהוידעט, ביז מיר זענען אָנגעקומען אינעם קאַצעט קיין אָראַניענבורג, און פון דאָרט — קיין זאַקסן־האַוזען. מ׳האָט דערציילט, אַז אינעם דאָרטיקן קאַצעט האָבן זיך אויך געפונען „צו גאַסט״ לעאָן בלום און זשאָרזש מאַנדעל. פאַרשטייט זיך, אַז אומעטום, אין אַלע קאַצעטן, זענען געווען די זעלביקע לאַגער־מעטאָדן. קיין חידוש נישט, איין פאָלק, איין פירער און איין מערדער...

אַ סברה, אַז דאָס איז נאָך אַלץ נישט אונדזער אמתער מקום. איז ווידער ויסעו, ווייטער געפאָרן זאָל ווערן. „אַנטרעטן״ און ווייטער מאַכן. וווּהין? דער שוואַרץ יאָר ווייסט זיי. מיר זענען בלויז, ווי דער עולם קאַצעטניקעס ווערט צעטיילט אויף צוויי מהנות, טראַנספּאָרטירט צו ווערן אין צוויי באַזונדערע מקומות. און גיי, זיי אַ חכם, צו וויסן צו וועלכער מחנה ס׳איז גלייכער צו געהערן, וועלכער ס׳וועט באַשערט זיין אויסצושטיין ערגערע צרות און וועלכער קנאַפּערע. איינס איז געווען קלאָר, — אַז קיין האָניק־קיכלעך וועלן די היטלעריסטן אין ערגעץ אונדז נישט טיילן.

אַ גרופּע אנשי־שלומינו, צווישן זיי אויך מיינע חברים, שליאַמעק און הערשל, האָבן זיך געקלאַמערט צוזאַמען, מחמת ס׳איז לייכטער אויף דער נשמה אין אַזאַ צייט צו געפינען זיך צווישן אייגענער חברה. דער אונטער־קאַפּאָ פון דער שוסטעריי אין אוישוויץ, פליישער, האָט זיך אויך צוגעשאַרט צו אונדזער גרופּע. דערזעענדיק מיך, גיט ער אַזש אַ פריידיקן געשריי: אוי! דער „טעאַטראַל״ איז דאָך אויך דאָ מיט אונדז! גאַנץ גוט. קודם וועט זיין וועך ס׳זאָל היימלעך מאַכן...

בקיצור, מיר זענען שוין אויף ס'נײַ פאַרלאַדעוועט אין די פאַרקראַטעטע און עיפּושדיקע וואַגאָנעס. ווידער הוידען מיר זיך, צונויפגעפּרעסטע אין דער פאַרפּעסטעטער לופט. דערפאַר אָבער האָבן מיר גרויס הנאה געהאַט פון די סי־רענע־קאָנצערטן, וואָס האָבן מבשׂר־בשׂורה געווען ווען אָנ־קומען פון די אַלייִרטע „פייגל”, וועלכע פלעגן באָמבאַרדירן די דייטשישע שטעט. יעדער אַלאַרם, און דאָס טראַסקען פון די באָמבעס, איז געווען ווי אַ באַלזאַם צו אונדזערע ווונדן.

מאָדנע, קיינער פון אונדז האָט אויף אַ רגע נישט גע־טראַכט אַ ציטער צו טאָן איבער זיין לעבן, אויב אַזאַ באָמבע זאָל אַ פאַל טאָן אויף אונדזער צוג. פאַרקערט, אַ סך האָבן גאָר דערויף געוואַרט, געגאַרט, און געבעטן אַז ס'זאָל גע־שען. דאָס נקמה־געפיל איז געווען שטאַרקער פון אַלעם. און ס'איז אויך געווען דערבײַ די האָפענונג, אַז ס'וועט זיך דערבײַ שאַפן אַ שעת־הכושר צו קאָנען אַנטרינען און זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן. מחמת אין דער געשאַפענער סומאַ־טאָכע וואָלטן די ס. ס.־באַגלייטער געהאַט מיט זיך צו טאָן, און זיי וואָלטן זיך אפשר פון אונדז אָפּגעטשעפּעט. אַזוי איז געווען די השערה.

די פייגל איבער אונדזערע קעפּ האָבן דאָס אונדז נישט צו ליב געטאָן. אַ פּנים, אַז זייערע באָמבעס האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו טרעפן אין וויכטיקערע פּונקטן, איידער אין די אויסגעפּייניקטע יידישע העפטלינגע. מילא, האָט מען זיך באַגנוגנט בלויז מיטצושיקן זיי די ברכה: תצליח בדרכך, איר זאָלט באַגליקן אין אייער שליחות, חרוב מאַכן די שׂונאים, אַזוי ווי זיי האָבן אונדז חרוב געמאַכט. זייערע היימען זאָלן פאַרוויסט ווערן, אַזוי ווי אונדזערע היימען ליגן איצט אומעטום פאַרוויסט. זייערע משפּחות זאָלן פאַריתומט

ווערן, אזוי ווי מיר זענען געוואָרן פאַריתומט. איר זאָלט זיי פאַרחורבענען, אזוי ווי זיי האָבן געזייעט חורבנות דאָרט ווו זיי האָבן זיך באַוויזן.

מיט אָט די „ווינטשעוואַניעס״ פאַר די היטלעריסטן שלעפּט אונדז דער צוג אַלץ ווייטער און ווייטער, און ענדלעך בלייבן מיר שטיין. דאָס מאָל נישט צוליב די „קאָנצערטן״ פון די אַלייִרטע „נאַכטפייגל״, נאָר סתם אזוי זיך, אויף אַ נאָווינע, עטלעכע שעהען.

אַרום הערשט אַ טויטע שטילקייט. אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט הערט זיך נאָר דאָס זשומען, ווי פון ביימער אין וואַלד. דער האַרבסטיקער ווינט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען דורך די פענצטערלעך אין וואַגאָן אַריין, האָט געטאָן צוויי שליחותן: ער דערפרישט אַ קאַפּעטשקע די שטיקנדיקע לופט אינעם אָנגעפּראָפּטן וואַגאָן, ער אַדורכגעפרוירן די צעבראָכענע גלידער פון די קאַצעטלערס גופים. ערשט ווען ס'איז געפאַלן אַ שטראַל ליכט אויף טאָג, האָט מען דורך די פענצטערלעך געזען, אַז מיר געפינען זיך אין אַ וואַלד. די ביימער הוידען זיך פון אַלע זייטן, ווי מיט אַ לויב צום הימל, פאַרן פריש געפאַלענעם שניי, וואָס האָט געבלענדט די אויגן נאָך די חושכדיקע נעכט. אַנשטאָט פרייד און הייטערקייט וואָס אַן ערשט געפאַלענער שניי פלעגט אַרויסרופן, ברענגט אָט דער שניי היינט מיט זיך פאַר אונדז פּחד און טרויער, פּיין און מאַטער.

— הייסט עס שוין! דאָס איז עס. פּה תהיה קברותנו...

— גיט איינער אינעם וואַגאָן אַ זאָג — זיי האָבן אונדז פאַרשלעפּט אין וואַלד אַריין, ווו קיינער זעט נישט און הערט נישט, כדי דאָ אונדז אויסצוקוילענען — באַלד ברענגט ער דערויף אַ באַווייז, דאָס וואָס די ס. ס.-לייט שטייען און

סודען זיך — טראַכטן זיי זיכער, ווי אַזוי אויסצופירן זייער פּלאַן. מיר וועלן נאָך זיין געצוווּנגען אַליין צו גראָבן פאַר זיך די קברים.

— אַהאַ, גוט מאָרגן, קאַזע! — ענטפערט אים אַ צווייטער — אַט האָסטו אים מיט דיינע שוואַרצע נביאותן. האָסט אַ ברירה? אַדרבא, באַווייז וואָס דו קאָנסט און לאָז זיך נישט פון זיי, אויב דו ביסט יאָ אַזאַ אַלצוויסער...

— ס'האָט געפּאַסט, אַז מען קאָן זיך עס אַנדערש מאַכן

— העלפט אים אונטער אַן אַנדערער — מ'איז דאָך אין זייערע הענט.

— שאַט חברה, שאַט! וואָס קריגט איר זיך? — מישט זיך עמעצער אַריין — וואָס האָט איר קיין צייט נישט? צו וואָס טויג דאָס זיך עסן די גאַל? היצט זיך נישט, מ'האָט שוין אַזוי לאַנג געוואַרט, דאַרף מען נאָך אַ ביסל צוּוואַרטן און זען וואָס ס'וועט זיין.

— און איך זאָג אייך, אַז מען דאַרף זיך נישט לאָזן — דערהערט זיך אַ זאָג פון אַ זייטיקן קאַצעטניק, וואָס האָט ביז איצט זיך צוגעהערט צום וויכוח. — אויב זיי וועלן אונדז הייסן גראָבן קברים פאַר זיך, זאָלן מיר זיך וואַרפן אויף זיי מיט די רידלעס און קילאָפן, זיי שפּאַלטן די קעפּ און אַנטלויפן וווּהין די אויגן טראָגן. וואָס האָבן מיר שוין, מישטיינס געזאָגט, אָנצוּווערן? אַלץ איינס זענען מיר דאָך פאַרלוירן. בסך־הכל זענען דאָ פאַראַן אפשר אַ צענדליק ס.ס.־לייט. זאָלן מיר אַלע זיך לאָזן אַזוי גלייכגילטיק פון זיי אויסהרגענען? מיר וועלן דאָך זיין די מערדער פון זיך אַליין, אויב מיר וועלן נישט טאָן מיט זיי, וואָס זיי ווילן טאָן מיט אונדז.

אַ גרויסער טייל פון אונדז אינעם וואַגאָן זענען געוואָרן אַנהענגער פון זיין פּלאַן. ס'איז דערביי געקומען אויפן רעיון

דער „תמות נפשי עם פלישתים". ס׳איז געבליבן מ׳זאָל אין דרויסן איבערגעבן דעם ענין פון איינעם צום אַנדערן, צו זיין גרייט און וויסן וואָס צו טאָן אין געגעבענעם פאַל.

אין מיטן דרינען קומט קאַפּויער אַ ייד מיט אַ קשיה:

— און איר מיינט טאַקע, אַז די ס. ס. וועלן שטיין און וואַרטן ביז איר וועט זיי די קעפּ שפּאַלטן? דאָס זענען כיטרע און ראַפינירטע גזלנים. אַלצדינג איז ביי זיי גוט פאַר־טראַכט און פאָרויסגעזען. מיט זייער מאַשינגעווער און מאָרד־מכשירים וועלן זיי באַווייזן אונדז פריִער אויסצוקוי־לען, ווי מיר זיי — מיט שפּאַדלען און קילאָפּן.

דער וויכוח וואָלט מסתמא נאָך לענגער זיך פאַרצויגן, ווען נישט דאָס, וואָס ער איז געוואָרן איבערגעריסן דורך די ס. ס.־באַנדע, וועלכע האָבן געעפנט די טירן פון די וואַ־גאָנעם און האָבן באַפוילן: „אַלעם אויסשטייגן".

זייער איצטיק געמיטלעך באַפעלן, גאָר אַנדערש ווי ס׳פלעגט פריִער געשען מיט זייער גוואַלדעוועןן, רעוועןן, ליאַר־מען: „לאָס! שנעלער! שנעלער!" קאַטעוועדיק בשעת מע־שה מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן, איז אונדז אויף אַן אמת אויסגעקומען פאַרדעכטיקט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן באַ־שטעטיקן דער גלויבן אין די השערות, אַז דאָס האָבן די היט־לעריסטן טאַקע בדעה אונדז דאָ אומצוברענגען. אָבער ווי וויל דעם יידנס טענה, אַז ס׳וועט זיך נישט איינגעבן דער אָנפאַל אויף די ס. ס.־לייט האָט ביי אַ סך פון אונדז עטוואָס אָפּגעקילט דעם פונק פון ווידערשטאַנד־ווילן, האָט אָבער דער גרעסטער טייל פון אונדז זיך געהאַלטן ביים באַשלוס, נישט צו לאָזן זיך אומברענגען אָן אַ קאַמף. און באַלד טאַקע איז געוואָרן איבערגעגעבן פון איינעם צום אַנדערן וואָס צו טאָן אינעם געהעריקן מאָמענט.

געפונען האָבן מיר זיך אין אַ זייער געדיכטן וואַלד, אַן ענלעכן צו די אַלטע פוילישע וועלדער, וואָס פלעגן אָנוואַרפן אַ פּחד און באַאומרויִקן די פאַרבייפאָרער. נאָכן אויסשטעלן אונדז צו פינף אין רייען, ווערט באַפוילן: „אָפּמאַרשירן״!

אין גאַנג פלעגט דער שניי זיך צוקלעפּן צו די פּאָדעש־ווען פון די שיך און מען איז געגאַנגען ווי אויף שטאָלצן. דאָס האָט שטאַרק פאַרמאַטערט און פּשוט אויסגעדרייט די פּיס. מען האָט מיט די אויגן געקוקט אין אַלע זייטן, געזוכט צו געפינען דאָס אָרט, ווו די היטלעריסטן גרייטן זיך אונדז צו דערמאָרדן. אַ שווידער איז אַדורך אין די גלידער טראַכ־טנדיק, אַז אָט־אָט קומט דער סוף, נאָך יאָרן פּיין און ליידן.

נאָכן מאַרשירן קנאַפּע צוויי שעה האָט מען פון וויטנס באַמערקט קליינינקע באַטקעס. דערנענטערנדיק זיך צו זיי און זעענדיק, אַז זיי זענען פאַרצוימט מיט שטעכלדראָטן, זענען עטוואָס אָפּגעפאַלן די פּחד־השערות. דאָס איז געווען אַ לאַגער ווי אַלע זייערע לאַגערן, מיטן אונטערשיד, וואָס די בלאָקן האָבן אויסגעזען ווי גרויסע בודעס פאַר הינט, אָדער ווי קאָפּצעס, גריבער אַזעלכע, ווו פּויערים פלעגן אין זיי באַהאַלטן איבערן ווינטער קאַרטאָפל, מייערן, בוראַקעס, וכדומה. אין די בודעס, ווו מען האָט אונדז אַריינגעפירט, האָט געהערשט אַ שרעקלעכער עיפּוש און ווילגאָטש. אויף ביידע זייטן פון אָט די בלאָקגריבער זענען געלעגן ברעטער כמו בעטן, ווו יעדער האָט באַקומען אַ שטיקל מקום. ענלעכע אַזעלכע לאַגערן זענען אין דער דאָרטיקער געגנט געווען אַן ערך פון אַנדערטהאַלבן טוץ. די געגנט האָט געהייסן קאַופרינג און האָט זיך געפונען לעבן דער דייטשער שטאָט לאַנדסבערג, ווו היטלער ימ״ש איז געזעסן אין תּפיסה אין די צוואַנציקער יאָרן. אינעם לאַגער 11, ווו מען האָט אונדז

איינקוואַרטירט, איז געווען אַ שרעקלעכער כאַאָס. די ער־שטע כפּרה איז געווען די אַכילה, מען האָט עס נישט געזען אַפילו אויף אַ רפואה. ערשט אין דער שפּעטער נאַכט, נאָכן אָפּשטיין אין דער ריי שעהען אויף דער קעלט, האָט מען גענומען טיילן אַ שמוציק ביסל וואַסער, ווו ס'איז ערגעץ אַרומגעשווימען אַ שטיקל שאָל פון קאַרטאָפל. אַ טייל פון די העפטלינגע האָבן אויך דאָס דאָזיקע „מאכל" נישט גע־האַט די זכיה צו באַקומען — ס'האָט שוין נישט געסטייעט פאַר זיי. זיי האָבן געמוזט יוצא־זיין מיט אַ שטעקן פון ס. ס.־מאַן, צי פון אַן אַנדערן כוליגאַן. האָבן טאַקע, דאָ און דאָרט, געלאָזט זיך הערן קרעכצן און זיפצן פון מענטשן. מ'האָט מקנא געווען די אַנדערע יידן דערמיט וואָס זיי זענען פון זאַקסן־האַוזען געשיקט געוואָרן קיין בוכענוואַלד. אַנדערע האָבן שוין אַפילו באַדויערט אוישוויץ. ס'איז דאָך דאָרט, האָבן זיי געטענהט געווען אַ גן־עדן קעגן דעם דאָזיקן שאול־תחתיה.

תוך כדי דיבור באַשטימט שוין דער לאַגער־קאָמענדאַנט אַ לאַגער־עלטסטן, יענער באַזאָרגט זיך באַלד מיט בלאָק־עלטסטע, קאַפּאָס, פאָראַרבעטער, מיט הכל מכל פלעקל, אַזוי ווי אין נאַצישן פּסוק שטייט — און ס'גייט אַ גאַנג...

באַגינען ווערט ערשט רעכט זיך גענומען צו דער מלא־כה, דאָס הייסט איינצושטעלן די אַרבעטס־קאָמאַנדעס. קאַ־פּאָס לויפן אַרום צעיאַכמערט, זיך איינצושאַפן „סחורה" פאַר די אַרבעט־שטעלעס. פאָראַרבעטער שטעלן איין די גרו־פּעס. בלאָקעלטסטע און שטובדינסטן פילדערן און שרייען.

די קאַצעטניקעס מיטן לײדיקן מאָגן, וועלכע שטייען גרייט אָפּצומאַרשירן צו דער אַרבעט, ווערן פּלוצעם אויפ־געציטערט דערהערנדיק צווישן די פאַרשידענע נעמען פון

די אַרבעטס-פלעצער אויך דעם נאָמען „מאָלל". אַ גרויל איז דערפון אַדורך איבערן לייב. דער פאַרשאָלטענער נאָמען מאָלל האָט דערמאָנט אינעם שעף פון די קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ. קאָן דאָך מעגלעך זיין, אַז אָט דער טייוול זאָל אונדז האָבן באַגלייט אַהער, כדי אויך דאָ צו פירן זיין פאַר־ברעכערישע מלאכה ווי אין אוישוויץ. אויף יעדן פון אונדז האָט ממש גענומען ציטערן די הויט פון שרעק, צו געהערן צו דער קאָמאַנדע אונטער דער השגחה פון אָט דעם אכזר.

אמת טאַקע, אַז דאָס איז נישט געווען דער זעלביקער מאָלל פון דער אוישוויצער קרעמאַטאָריע. ווערדליק די קלאַנ־גען, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען, זאָל ער האָבן פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין קרעמאַטאָריע בעת דעם אויפ־שטאַנד פון דער „זאָנדער-קאָמאַנדע". אָבער די אַלע קאַ־צעטלער, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין דער „מאָלל-קאָמאַנדע", איז סיי ווי נישט געווען מקנא צו זיין.

געווען איז דאָס אַ ריזיקע אונטערנעמונג, וואָס האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע אַרטיקלען פאַר מלחמה-צוועקן, און זיך געפונען אין אַן אומגעהויער גרויסן בונקער טיף אין דער ערד, פאַרמאַסקירט מיט אַ געדיכטן וואַלד, כדי נישט דערשנאַפּט צו ווערן דורכן אויסשפּיר-דינסט פון די אַל־יירטע אַרמייען.

אין דער פאַבריק גופא פלעגן ווייניק פון אונדז אַרבעטן. מיינסטנס — בלויז אַרום איר, ווי למשל ביים שלעפּן שווערע אייזערנע שטאַנגעס, שינעס,ביימער, זעק מיט צע־מענט, שטיינער וכדומה. קיין גאַזקאַמערן זענען דאָרט נישט געווען. סיידן אין נאָענטן דאַכאַו, אָבער די שווערע אַרבעטן און די שרעקלעכע באַדינגונגען האָבן דאָס פאַרטראָטן: די

„מאַלל-קאָמאַנדע" האָט טאָגטעגלעך געבראַכט אַ צאָל מענטשלעכע קרבנות.

מיר איז אויך אויסגעקומען איין מאָל צו פאַרזוכן דעם „טעם" פון יענער קאָמאַנדע, ווו כ'האָב שיִער נישט אויסגעהויכט די נשמה.

אין יענעם טאָג האָט מען אונדז באַפוילן אָפּצולאַדעווען פון וואַגאָנעם אויף גיך זעק מיט צעמענט. שלעפּנדיק די זעק צעמענט אויף די שוואַכע פּלייצעס אין איילעניש און יאָגעניש, האָט געקאָנט געשען, אַז אַזאַ זאַק זאָל זיך אַראָפּגליטשן און פּלאַצן. נו, ביסטו דערפאַר שוין געווען מוכן ומזומן צו באַקומען אונטערגעהאַקטע זייטן און אַלס צולאָג פאַרן אויספירן אַזאַ „סאַבאָטאַזש-אַקט" — אויך אַ גאַנצע נאַכט שטיין אינעם לאַגער צווישן צוויי פלויטן שטעכלדראָטן. אַ נס וואָס מיין פאָראַרבעטער קאָן, אַ בענדינער בחור, האָט פאַרשטאַנען מיך דעמאָלט צו באַפרייען פון דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט מיך אַריינגעשיקט כלומרשט עפּעס צו ברענגען פון דער בודע, וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן און דערביי שטילערהייט צו מיר אַ זאָג געטאָן, כ'זאָל שוין דאָרט פאַרבלייבן ביזן צוריקגיין אין לאַגער אַריין. ער האָט זיך משמעות געטראַכט, אַז פון דער שווערער אַרבעט קאָן איך אויסגיין און ס'וועט זיין געענדיקט מיטן „טעאַטראַל"...

אין דער בודע דאָרט האָט זיך אויך שוין געפונען אַזאַ סגאַל בריה ווי איך צו שלעפּן זעק מיט צעמענט. דאָס איז געווען סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געשמט ווי אַ דיכטער און פּראָזאַיִקער. דער פאָראַרבעטער קאָן איז געווען וויגאָדסקיס בן-העיר און אים גוט געקענט. האָט ער אויך אים געוואָלט פאַרהיטן פון בייז אַזוי ווי מיך,

וואָס ער האָט דאָס טאַקע באַוויזן צו טאָן אין יענעם טאָג. מער בין איך שוין קיין מאָל נישט געשיקט געוואָרן מיט יענער קאָמאַנדע.

פאַר דעם חסד, וואָס דער פאָראַרבעטער קאָן האָט מיט מיר דערמאָלט געטאָן, האָב איך אין אָוונט, ליגנדיק ווי אַלע אויף דער פּריטשע, באַצאָלט מיט אַ רעציטאַציע, אַ ליד. כ׳האָב אויך האַלב וויינענדיק, האַלב זינגענדיק פאַרצויגן אַ יידישע מעלאָדיע, און אַ ווײַלע פאַרוויגט דעם עולם אין חלומות פון אַ פאַרגאַנגענער וועלט.

בינו-לבינו איז דעם אונטער-קאַפּאָ פון דער שוסטעריי אין אוישוויץ, פליישער, געלונגען אויסצופּועלן ביי דער לאַגער-פירונג, צו שאַפן אויך דאָ אַ שוסטער-וואַרשטאַט אויף צו פאַרריכטן די שיך פאַר די העפטלינגע. פאַרשטייט זיך, אַז פליישער האָט קודם-כל דערמיט אין זינען געהאַט זיך אַליין, כדי דערפון צו קאָנען אַרויסציִען פּרנסה. דעריבער האָט ער געאַרבעט מעשׂים און צוגעטראַכט תחבולות, ביז ער האָט דאָס ענדלעך דערגרייכט.

אין אַ זונטיק-נאָכמיטאָג זענען אויפן אַפּעלפּלאַץ געוואָרן אויסגעקליבן דורכן שאַרפירער, שרייער, עטלעכע שוסטער, צו וועלכע איך האָב געהאַט דעם זכות צו געהערן.

פליישער, זעענדיק די „וואַזשנע פּאַכמענער" וואָס ער האָט דאָ פאַר זיך, איז ער שיִער נישט צעזעצט געוואָרן פאַר לאַכן. „געהרגעט זאָל ער ווערן (געמיינט שרייערן, דעם שאַרפירער), כאַרע פּרנסה-געבער ער האָט מיר דאָ אויסגעקליבן" — האָט ער מיט כעס אַ בורטשע געטאָן.

מילא, מיך האָט ער דאָך שוין אין אוישוויץ באַצייכנט ווי

„דער בעסטער בייסטער צווישן אַלע שוסטער" און ס'וואָלט אים יאַקאַש שוין נישט אַזוי שטאַרק געאַרט מיך צו האָבן אין דער שוסטעריי, איך וועל אים פון צייט צו צייט אַ ביסל פריילעך מאַכן. אַחוץ דעם בין איך דאָך עפּעס אַ שטיקל יחסן אויך. פאַרט אַן אוישוויצער... דאַקעגן די אַנדערע צוויי אויסגעקליבענע שוסטער — אַ יונגער שרייבער און זשורנאַ־ליסט — מיט זיי איז ערגער. נישט זיי קענען די מלאכה, נישט זיי זענען אוישוויצער, אַפילו פריילעך מאַכן קענען זיי נישט. מיט איין וואָרט זיי טויגן צו גאָרנישט...

דאַרף אָבער געזאָגט ווערן צו פליישערס שבח, אַז טראָץ דעם, וואָס מיר זענען אים נישט אָנגעשטאַנען אַלס שוסטער־געזעלן, האָט ער אונדז דאָך אַקצעפּטירט: „מאַ, אַז דער גורל האָט דווקא אייך אויסגעקליבן צו זיין מיינע שוסטער, איז פאַרפאַלן". זיכער איז דאָס אויך געווען איינער פון די נסים, אַז מיר האָבן איבערגעלעבט דעם דאָרטיקן גיא־צלמוות. איך וואָלט זיכער נישט איבערגעטראָגן די טאָגטעגלעכע פופצן־קילאָמעטערדיקע מאַרשן צו דער אַרבעט אין די אויסערן־קאָמאַנדעס. בפרט, אַז דער ווינטער האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעשטעלט מיטן קנאַק. בייזע ווינטן און שטורמישע זאַוויערוכעס האָבן געבושעוועט. שטיי־ענדיק ביי די אַרבעטן צי אויף די אַפּעלן פלעגט דער פראָסט שניידן אין די גופים פון די קאַצעטלער. אין דער שוס־טעריי דאַקעגן איז וואַרעם, אינעם אייוועלע ברענען די קוילן, וואָס העפּטלינגע ברענגען בגנבה פון אַרבעטספּלאַץ ווי אַ באַצאָלונג פאַרן צושלאָגן אַ טשוועקל אָדער צולייגן אַ לאַטקע אויף זייערע צעריסענע שיך אָדער האָלץ־טרעפּעס. וואָלטן מיר דאָך נעדאַרפט זיין גליקלעך, דאַנקען זיין ליבן נאָמען פאַרן חסד, צו קאָנען זיצן אונטער אַ דאַך איבערן

קאָפּ און ווערן געוואָרעמט פונעם אייוועלע, און דער עיקר — אויך נישט שווער אַרבעטן, פלעגט אָבער דאָס האַרץ פול ווערן מיט רחמנות אויף די טויזנטער אַנדערע ברידער און שוועסטער, צווישן זיי טאַקע אויך די, וואָס ברענגען בגניבה די קוילן פאַר אונדזערטוועגן צום וואַרעמען זיך, בעת זיי אַליין ווערן נעבעך פאַרשטאַרט פון קעלט אויפן פרייען פעלד ביי זייערע קאַטאָרגע־אַרבעטן. נישט איין מאָל בעת אַ שרעקלעך וועטער פלעגט אונדז נישט באַקומען דאָס גליק, וואָס נאָר מיר אַליין, ווי יחידי־סגולה, האָבן דערצו די זכיה.

אין זונטיקדיקע אָוונטן פלעגן דאָ און דאָרט לאַגער־ניקעס זיך צונויפקומען אין די בודעס און אויפזוכן אייגענע, זיך טרעפן מיט באַקאַנטע, זיין מיט זיי אַ ווײַלע צוזאַמען. אין אַזעלכע שעהען האָב איך זיך געפונען אין אַ בודע צווישן די אוישוויצער, ווו איך פלעג רעציטירן, שפּילן טעאַטער. אין דער בודע איז שטענדיק געווען פול מיט באַזוכער. ס׳פלעגט אַפילו שטיין אַ שומר ביי דער טיר. דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט אויף די פּריטשעס. קאַפּאָס, פאָראַרבעטער און בלאָקעלטסטע האָבן פאַרנומען די „לאָ־זשעס" נאָענט צום פענצטערל. איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט לאַנג זיך געלאָזט בעטן, פאַרקערט, טאַקע אויסגעקוקט דערויף, מ׳זאָל מיך הייסן עפּעס רעציטירן. איך פלעג זיך בכן אַוועקשטעלן אין מיטן פון דער בודע און גענומען „דער־לאַנגען דעם קאָנצערט". מיינע באַליבטע זאַכן, וואָס כ׳האָב געקענט פון אויסנווייניק, זענען געווען: פראַגמענטן פון „דיבוק", פון „גולם", אָדער פון „קידוש השם". מיינע צושויער און אויך איך אַליין האָבן אַ ווײַלע פאַרגעסן, וואָס ס׳געשעט מיט אונדז, און אין אַ שעה, אַ מאָל מער, פלעגט

פאַרביי א וועלט פון יידישער ליטעראַטור. איך פלעג דער־
פאַר באַקומען „האָנאָראַר״ א ברויטל, א שטיקל וווּרשט,
א מאָל נאָך עפּעס, וואָס דער בלאָקעלטסטער דודעק האָט
באַקומען פאַר דער רעזיסטאַנץ־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכע
ער האָט זיך דאָרט באַטייליקט. דאָס פלעגט מיר דערלאַנגען
נאָכן „קאָנצערט״, אַרויסגייענדיק פון דער בלאָק־בודע דער
פּאַריזער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טוער, יצחק פּורמאַנסקי.
דער דאָזיקער טייערער מענטש האָט מיך ביז צו די דע־
מאָלטיקע „קאָנצערטן״ רעכט נישט געקענט. ווי מען זאָגט
עס: נישט קיין קרוב, נישט קיין גואל. ער פלעגט דאָס טאָן
פאַר מיר מיט חשק, דערמיט געוואָלט כאָטש א קאַפּעטשקע
מיר שטילן דעם הונגער און דערהאַלטן די נשמה.

דערנאָך איז שוין געוואָרן א מנהג, אַז אינעם דאָזיקן
בלאָק זאָל יעדע וואָך פאָרקומען אַזא אָוונט. דער דער־
מאָנטער יצחק פּורמאַנסקי האָט זיך דערמיט פאַראינטע־
רעסירט און געזאָרגט דערפאַר, ס׳זאָלן זיך אין אַזעלכע
אָוונטן אויך באַטייליקן אַנדערע קינסטלער, וואָס האָבן זיך
דאָרט געפונען, ווי למשל דער שרייבער סטאַניסלאַוו ווי־
גאָדסקי, וואָס פלעגט אויך אויף אָט די אָוונטן מהנה זיין
דעם עולם מיט פאָרלייענען עפּעס פון זיינע ווערק. יצחק
פורמאַנסקי פלעגט זיין דער קאָנפעראַנסיע, מאַכן דעם אַריינ־
פיר און אויך אויפקלערן דעם וויכטיקן באַדייט פאַר אונדז
פון אַזא אָוונט.

דער מצב אין לאַגער ווערט וואָס א מאָל ערגער. די
כסדרדיקע שווערע קלעפּ, וואָס די נאַצי־האָרדעס באַקומען
אין יענע טעג אויף די פראָנטן דענערווירט שטאַרק די ס. ס.־
לייט און זיי לאָזן אויס זייער כעס צו אונדז. אָפט האָבן זיי

אַפילו נישט צוגעטיילט דאָס שטיקל ברויט פאַר אונדז. דער תירוץ: „די פיינדלעכע שוויינען האָבן באָמבאַרדירט די שפּייז־מאַגאַזינען".

„הלוואַי זאָל עס נאָר אמת זיין" — האָט מען זיך געזאָגט. גם לי וגם לך לא יהיה, גרויס איז געווען די הנאה פון די מכות און קלעפּ, וואָס די היטלעריסטן באַקומען. איי, דאָס הארץ חלשט? מילא, זענען מיר דאָך שוין צוגעוווינט דערצו. דער כזית פאַרשימלט ברויט, פון וועלכן מען האָט געמוזט נײַנציק פּראָצענט אַוועקוואַרפן, האָט סיי ווי נישט געזעטיקט דעם שוין איינגעשרומפּענעם מאָגן. די צרה איז אָבער געוואָרן גרעסער ווען ס'איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע און דער לאַגער איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן. מען האָט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט אויסערן לאַגער צו דער אַרבעט, פון וואַנען מען פלעגט פאַרט קאָנען עפּעס וואָס „אָרגאַניזירן" צום עסן. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן, הן פון דער עפּידעמיע, און אויך פון הונגער. ליגנדיק אויף דער זעלבער פּריטשע צוזאַמען מיט די קראַנקע, איז לייכט געווען זיך אָנצושטעקן מיט דער שרעקלעכער מחלה. די מגיפה האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַגער, און יעדן פרימאָרגן האָבן מיר געציילט אַ צאָל נייע מתים.

איך בין אַלס קינד דורכגעגאַנגען די דאָזיקע קרענק, און איך האָב זיך נישט געדאַרפט שרעקן פאַר דער סכנה זיך אָנצושטעקן פון איר, האָב איך זיך מטפּל געווען מיט עטלעכע קראַנקע חברים, אָבער בלויז מיט די ליידיקע הענט. מחמת אַפילו אַ פאַרברענטע קאַרטאָפל, וואָס מען פלעגט דאָרט אָנווענדן אַלס אַ רפואה אויף שלשול, איז דעמאָלט אויך געוואָרן אַ לוקסוס־זאַך, מכל שכן אַן אמתע רפואה.

אין יענער גרויליקער צייט האָב איך נישט געוואַגט

פאַרן מויל צו ברענגען מיינע בטחונדיקע נביאותן, ווי כ׳פלעג דאָס טאָן פריִער, מ׳זאָל מיך נישט דערפאַר פאַרשרייען ווי אַ חסר־דעה. ערשט ווען די מגפה האָט זיך איינגעשטילט, און דאָס לאַגער־לעבן האָט ביסלעכווייז צוריק באַקומען אַ שטיקל פנים, האָב איך ווידער אָנגעהויבן פרווון באַנוצן דאָס „היילמיטל בטחון" פאַר די ניצול געוואָרענע חברים פון דער טיפוס־עפּידעמיע. צוגעהאָלפן האָט מיר אויך דערצו דאָס, וואָס ס׳פלעגט זיך שוין פון צייט צו צייט אַריינגנבענען אין לאַגער אַריין אַ צייטונג מיט נייעסן וועגן די שלאַכטן אויף די פראָנטן. צווישן די שורות איז נישט שווער געווען אַרויסצולייענען וועגן די נאַצישע מפּלות אויף פאַרשידענע אָפּשניטן. ס׳זענען צוגעקומען „חסידים", אָנהענגער פונעם בטחונדיקן געדאַנק, אַז סוף־סוף וועט קומען די גאולה.

בימים ההם האָבן אויך אָנגעהויבן בלאָזן וואַרעמע ווינטן און ברענגען מיט זיך מער ליבע און גוטע באַציִונג פון איינעם צום אַנדערן. ס׳האָט אויסגעזען פּשוט ווי אַן עבירה צו זיין אַנדערש, ווען דו זעעסט ווי די ישועה שטייט שוין כמעט ביי דער טיר. מען איז געוואָרן צווישן זיך מער פאַרחברט, פאַרברידערט. די אחים לצרה האָבן אויך געוואָלט זיין אחים לחדווה. קאַפּאָס און פאָראַרבעטער האָבן אויפגעהערט צו ליאַרמען און קאָמאַנדעווען אויף די אַרבעטס־פּלעצער. בלאָקעלטסטע האָבן שוין נאָכגעלאָזן די לייצעס. אַפילו מאיר־איטשע דער בלאָקעלטסטער איז אויך געוואָרן אַ בעל תשובה, אָנגעהויבן געבן אַ צולאָג, אַ ביסל זופּ אַנשטאָט ווי פריִער — אַ שטעקן. די ס. ס.־לייט האָבן זיך אַלץ ווייניקער באַוויזן אינעם לאַגער. מען האָט געקאָנט ממש אָנטאַפּן אין דער לופט, אַז אין דער נאָענטסטער צייט וועט זיך אונדזער מצב ענדערן צום גוטן.

# דער טויטנמאַרש

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון חודש אַפּריל, פֿינף און פֿערציק, אין דער נאַכט ווען כ׳בין געשלאָפֿן מיט זיסע חלו־מות וועגן גליקלעכע טעג פֿון אַ מאָל, האָט פּלוצעם אַ שטאַר־קער טומל אין דער ערד־בודע אַלץ איבערגעריסן.

אַ מאָדנעם חלום האָב איך דעמאָלט געחלומט, אַ חלום „בלא דברים בטלים", מען קאָן זאָגן — אַ נבואה. כ׳האָב געחלומט, ווי ס׳האָט זיך פֿאַר מיר באַוויזן מיין פֿאָטער, אויפֿגערוימט און פֿריילעך, ווי ס׳איז געווען זיין טבע, אָנ־געטאָן אין זיין יום־טובדיקן לבוש, און צו מיר געזאָגט, „זיי וויסן, הערשל, מיין קינד, אַז ס׳קומען משיחס צייטן, די ,באחרית הימים׳. בגימטריא מאַכט דאָס וואָרט ,באחרית׳: במלחמת אַדאָלף היטלער רשע יבוא תישבי" כ׳געדענק, אַז כ׳האָב אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט דערויף, וואָס אינעם וואָרט „באחרית" איז נישט פֿאַראַן קיין ה׳, נאָר אַ ח׳, האָט ער מיר דערויף געענטפֿערט, אַז אַ ח׳ איז זיך צו מאָל מתחלף מיט דער ה׳. מער האָב איך נישט באַוויזן פֿון אים צו הערן, מחמת דעם דערמאָנטן טומל, וואָס האָט מיך אויפֿגעוועקט.

אויפֿגעכאַפּט זיך פֿונעם זיסן שלאָף און געזען אַלעמען לויפֿן אַהין און צוריק, האָב איך אין מיין צעטומלטקייט פֿאַר־געסן ווו איך געפֿין זיך.

„וואָס איז געשען? וואָס קומט דאָ פֿאָר"? — גיב איך אַ פֿרעג. איך באַקום אַ תשובה צוריק מיט אַ קשיה:

„ווייסט גאַרנישט וואָס ס'איז געשען? מען עוואַקויִרט דעם לאַגער".

— וואָס הייסט? — פרעג איך נאָך אַ מאָל האַלב פאַרשלאָפן.

— דאָס הייסט לך לך... ווייטער מאַכן — ענטפערט מיר מיין שכן — הייב זיך אויף „טעאַטערל" — זאָגט ער צו מיר — מאַך זיך גרייט צום ווייטערדיקן ויסעו.

— הערט אַ מעשׂה! — ווער איך אויסער זיך — הייסט עס נאָך ווייניק זיך אָנגעליטן? נאָך ווייניק זיך געפייניקט און געמאַטערט?

אַן אונגאַרישער ייִד, זייער אַ פרומער, כמעט אַ רב, דערהערנדיק פון מיר די ווערטער, האָט ער אויפגעהויבן זיינע הענט צום הימל מיט דער טענהדיקער קשיה, ווי יצחק לייבוש פּרץ אין זיין ליד „די תפילה": „רבונו של עולם! נאָך ווייניק געליטן"? איך האָב ממשיך געווען מיטן רעפליק: „ווען וועסטו, רבונו של עולם, פאַרשיטן דעם אָפּגרונט דעם טיפן"?

דערווייל שטייט נישט די צייט, ס'וועט נישט העלפן קיין טענה־ומענה. ס'דערהערט זיך אַ באַפעל און מיר ווערן אויפגעפּאָדערט צו קומען צום טויער פון לאַגער און מיטנעמען מיט זיך יעדער זיין קאָץ.

וואָס ס'איז געווען אַזוי דאָס לויפן פון אַלעמען, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן ווען כ'בין פאַרטיק געוואָרן מיט זיך און אַרויס פון דער בודע. דאָס האָבן די העפטלינגע געוואָלט עפּעס „אָרגאַניזירן" פון דער לאַגערקיך, וואָס איז געשטאַנען אויפגעפּראַלט. יעדער איז געלאָפן עפּעס נהנה זיין פון איר. אוודאי האָט מען נישט געוואַרט אויף מיר, כ'זאָל קומען און אויך עפּעס געניסן, דערויף זענען געווען

גרעסערע קנאַקערס פֿון מיר. האָב איך זיך טאַקע צוגעשטעלט צום מאַסנצוג אין װעג אַרײַן מיטן לײדיקן מאָגן, װי פֿרומע ייִדן אין אַ תּענית, נאָר איין גאָט װייסט װי לאַנג ער װעט איצט אָנהאַלטן.

ס'האָט שטאַרק געמאַטערט דער ציל פֿון אונדזער איצ־טיקער נסיעה, בפֿרט װען מיר זענען דאָס מאָל געװען פֿאַר־משפּט צו גיין צו פֿוס. װער װייסט װי װײַט? װיפֿיל צײַט װעט דאָס נעמען? װוּהין? און דער עיקר — צו װאָס? בשעת מעשׂה שװימט װידער אַרום דער פּחד, צי איז דאָס נישט ענדגילטיק אונדזער לעצטער װעג.

איך װײס נישט פֿון װאַנען ס'האָט זיך דעמאָלט גענומען דער קוראַזש צו אַ ייִדן, װאָס איז שױן געשטאַנען גרייט אַרױסצומאַרשירן, צו טאָן אַ פֿרעג דעם לאַגער־קאָמענדאַנט: „װוּ גייען מיר, הער לאַגער־קאָמענדאַנט"? און ער האָט פֿון אים באַקומען די תּשובֿה: „איר קומט נאָך דאַכאַו. דאָרט װערט איר אױסגעטױשט דורך דעם רױטן קרײַץ. אַזױ האָט מען מיר געזאָגט. מײַן אָפֿיציריש ערנװאָרט" — לײגט ער דערבײַ צו זײַן האַנט צום האַרץ, כּדי אונטערצושטרײַכן דעם אמת פֿון זײַנע רייד.

װיפֿל זײַן תּשובֿה האָט אונדז געמאַכט גלײבן און באַרויִקט — איז שװער צו זאָגן. ס'האָט זיך פּשוט נישט געלײגט אױפֿן שׂכל, אַז די נאַצי־מאַנסטערס זאָלן מיט אַ מאָל װערן אַזױ ברײטהאַרציק און אונדז אָװעקשענקען דעם „רױטן קרײַץ".

„אָפּמאַרשירן"! — קומט דער באַפֿעל. גייען מיר טאַקע פֿאַרמאַטערטע, פֿאַרטרױערטע און פֿאַרביטערטע. ואף על פּי כן, כאָטש מיד און צעבראָכן, אָבער מיטן פֿולן גלױבן אין דער נאַצי־מפּלה. דאָס האָט זיך כּמעט באַשטעטיקט בעת

מיר זענען פון די וואלדוועגן ארויסגעקומען אויפן טראקט. ס׳איז פאר אונדז כמעט קלאר געווארן, אז ס׳גרייט זיך עפעס אומגעווינלעכס.

דער וועג איז געווען באלאגערט מיט דייטשע פאמיליעס, מערסטנס פרויען, קינדער און אלטע־לייט. זיי האבן גע־שפאנט אין בהלה פון זייערע היימען אויף דעם זעלביקן וועג ווו מיר זענען געגאנגען.

דאס האט דערמאנט אין די ערשטע מלחמה־טעג אין פוילן, ווען יעדער איז אנטלאפן פארן שונא. איז איצט געקומען די ריי פאר די דייטשן דאס מיטצומאכן? איז דאך דערפון געדרונגען, אז די אליִירטע ארמייען זענען מסתמא שוין גאר נאענט פון אונדז.

אויך דאס, וואס מחנות מיליטער־לייט זענען אין גרויס איילעניש געגאנגען און געפארן, און אלע טאקע אויך אין דער זעלביקער ריכטונג וואס מיר, האט נאך מער געזיכערט די פריידיקע השערות וועגן דער נאענטער מפלה פון די היטלעריסטן.

אויפן וועג פלעגן אנפליִען אויסשפיר־אוויאנען פון די אליִירטע ארמייען און זיך אראפגעלאזט נידעריק, ממש איבער אונדזערע קעפ, מסתמא כדי צו זען ווער ס׳זענען דאס די מחנות מענטשן, וואס מארשירן אין די רייען. אונד־זערע אויגן זענען דעמאלט געווען געווענדט צו די פליִער מיט געבעט: „זעט אונדזער מעמד, זעט ווער מיר זענען, האט רחמנות און ראטעוועט וואס גיכער, אנדערש וועט זיין צו שפעט״.

אין צווישן האט מען זיך דערוווּסט, אז עפעס א נאצי־גדול איז אויפן וועג שטארק צוגעשטאנען צום לאגער־קאָ־מענדאנט, וואס האט אנגעפירט מיט אונדזער מארש, יענער

זאָל אים אומבאַדינגט איבערגעבן די „דרעקישע יודן" און ער וועט זיי שוין דערליידיקן ווי ס'געהער צו זיין. ער וויל דערמיט מקיים זיין דעם געבאָט פונעם פירער ימ"ש אונדז אויסצוקווילענען נאָך פאַר דער נאַצי־מפּלה. צום גליק איז דאָס אים נישט געראָטן. דער קאָמענדאַנט האָט דאָס אים נישט געוואָלט צוליב טאָן. נישט אַזוי ווייט צוליב זיין אהבת־ישׂראלדיקייט, נאָר גיכער כדי דערמיט זיך שאַפן אַן אַליבי ביי די אַלייִרטע, וועמענס נצחון ער האָט מסתמא פאָרויס־געזען.

בעת אַן אַנפלי פון אַלייִרטע אַוויאָנען, איז געווען אַ נחת צו זען, ווי די ס. ס.־לייט מיטן קאָמענדאַנט בראש האָבן זיך באַהאַלטן צווישן אונדזערע רייען. די אונטערדריקער, וואָס הערשן נאָך איבער אונדז, זענען שוין אויסגעשטעלט צו זוכן שוץ ביי די „שמוציקע יודן".

דער טויטנמאַרש, ווי מען האָט אים מיט רעכט אָנגערופן, האָט זיך געצויגן שיינע טעג. פון עפּעס טועם זיין אויפן וועג איז כלל נישט געווען צו טראַכטן, אַפילו קיין ביסל וואַסער איז נישט געווען. פאַרן צוכאַפּן זיך צו אַ קאַלוזשע אויסער די רייען, איז מער ווי איינער דערשאָסן געוואָרן. נעכטיקן פלעגט מען אין וואַלד אויף דער נאַסער ערד. אַ סך פון אונדז האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו שלעפּן מיט זיך די קאָלדרע, האָבן זיי זי אַוועקגעוואָרפן באַלד דעם ערשטן טאָג, און אַזוי אָרום נישט געהאַט זיך מיט וואָס צו באַשיצן פון דער נאַסקייט אינעם וואַלד.

בעת אַ דייטשע פרוי איז אונדז אַקעגנגעקומען אויפן וועג און געטראָגן אין איר קוישל אַ ברויטל, האָבן חברה עם איר אָרויסגעריסן. פון די אומצייליקע הענט, וואָס האָבן זיך דערויף געוואָרפן, איז דאָס ברויטל געוואָרן צעמאָלן

און צעפלויגן זיך ווי שטויב אין דער לופט. קיינער האָט כמעט דערפון נישט נהנה געווען.

אין אַ שטעטל האָבן מיר פאַרביימאַרשירט דורך אַ גאַס, וווּ ס׳האָט זיך געפונען אַ בעקעריי. איינער פון אונדז האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן, ער איז אַרויס פון דער ריי און אַריין אין דער בעקעריי, וווּ ער האָט טאַקע באַקומען אַ ביסל געבעקס. אָבער אויך ער האָט דערפון גאָרנישט גענאָסן, מחמת ווי נאָר ער איז אַרויס פון דער בעקעריי, האָבן די ס. ס.־באַנדע דאָס געבעקס ביי אים צוגערויבט. פאַר שׂכר־הליכה האָט ער טאַקע פון זיי נישט באַקומען די קויל, נאָר בלויז אַ פּאָר קלעפּ.

די צאָל קרבנות, וואָס דער „טויטנמאַרש" האָט דעמאָלט געבראַכט, איז דערגאַנגען אין די הונדערטער. אחוץ דעם, וואָס קאַצעטלער פלעגן אין גאַנג פאַלן און שטאַרבן, האָבן די ס. ס. נאָך דערשאָסן די אַלע וואָס זענען אַ ווײַלע גע־בליבן הינטערשטעליק און נישט בכוח געווען צו מאַרשירן.

אויפן וועג האָבן, וואָס אַן אמת, זיך געשאַפן געלעגנ־הייטן עוקר צו זיין, הן בעת אַ לופט־אַלאַרם, ווען די ס. ס.־פּחדנים זענען די ערשטע זיך צעלאָפן, זיך צו שיצן פון די באָמבעס, צי גאָר אין די וועלדער, וווּ ס׳איז אונדז אויסגע־קומען צו בלייבן עטלעכע נעכט. ס׳וואָלט אפשר נישט שווער געווען פון דאָרט זיך אַוועקצודרייען און זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן. אָבער כמעט קיינער האָט דאָס נישט געטאָן. אפשר דערפאַר, ווייל מען האָט געפילט, אַז ס׳לויפט שוין נישט, מחמת אַלע סימנים האָבן שוין געוויזן אויפן סוף פון דער מלחמה. אחוץ דעם האָבן אויך נישט געקלעקט קיין כּוחות דערצו. זענען מיר אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, טאָג־

איין טאָג-אויס, ביז מיר זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין לאַגער אַלאַך נעבן דאַכאַו.

די באַדינגונגען אין אָט דעם לאַגער אַלאַך האָבן איבער־געשטיגן מיט זייער אומדערטרעגלעכקייט אַלע ביז איצטיקע לאַגערן. די פּריטשעס און אויך די פּאָדלאָגעס אין די בלאָקן זענען געווען שרעקלעך פּאַראומריייניקט. די קאַצעטלער, וואָס זענען שוין נישט געווען בכוח אַרויסצוגיין אין דרויסן צו טאָן זייערע באַדערפענישן, פלעגן דאָס טאָן אין די בלאָקן גופא.

מיין גרעסט גליק איז דעמאָלט געווען, וואָס כ׳האָב אויסגעפּועלט ביים בלאָקעלטסטן א דערלויבעניש, אַז דאָס טישל אין בלאָק, וואָס איז נאָך נישט געווען פאַראומריייניקט, זאָל געהערן צו מיר מיט מיינע חברים שליאַמעק און הערשל, כדי דערויף צו קאָנען שלאָפן.

ס׳איז לייכט צו זאָגן „שלאָפן". ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? אַז ליגן האָט מען געמוזט אויף א זייט און צוהאַלטן איינער דעם אַנדערן, כדי נישט אַראָפּצופאַלן פונעם טישל. און ווען ביי איינעם פון אונדז האָט זיך די זייט אָפּגעלעגן, און ער האָט געוואָלט זיך איבערדרייען אויף דער אַנדערער זייט, האָבן אַלע דריי געמוזט טאָן דאָס זעל־ביקע. קאָן מען דאָך זיך שוין משער זיין, ווי אַזוי ס׳האָט אויסגעזען אונדזער שלאָפן.

ליגנדיק בכן כמעט גאַנצע נעכט וואַך, פלעגט מען זיך צוהערן צום כאָרכלען פון שטאַרבנדיקע יידן אין אַלע ווינק־לען פון בלאָק. מיר האָבן בלויז געקאָנט נאָכזאָגן „ברוך דיין אמת"...

# די גאולה

נאָך עטלעכע טעג אינעם לאַגער אַלאָך זענען צו אונדז דערגאַנגען ממש אומגלויבלעכע ידיעות. דהיינו, די אָבסער־וואַציע־פונקטן אויף די טורעמס פון די פּאָסטן־קעטעס, זענען ליידיק, קיינער איז אין זיי מער נישט פאַראַן. אַ ווײַלע שפּעטער שווערט זיך איינער פון די לאַגערניקעס אַז ער האָט געזען מיט זײַנע אייגענע אויגן, ווי העפטלינגע האַלטן גאָר די שמירה איבערן לאַגער אַנשטאָט ווי ביז איצט די ס. ס.־לײַט. באַלד קומט אַ צווייטער צו לויפן און באַרימט זיך, אַז ער איז אַרויס און אַרײַן פון לאַגער, עפּעס צו „אָרגאַ־ניזירן", און ווייסט איר וווּ? טאַקע אין די ס. ס.־מאַגאַזינען, און ער האָט דאָרט מער קיינעם פון זיי נישט געטראָפן.

מײַנע חברים האָבן נישט געוואָלט אפילו צוהערן זיך דערצו, געהאַלטן דאָס פאַר פוסטע פאַנטאַזיעס. אפילו צו מאָרגנס, ווען אַ טייל קאַצעטניקעס זענען צעשטראַלטע אַרײַן אינעם בלאָק און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אין דרויסן איז פאַראַן אַמעריקאַנער מיליטער, האָט מען דאָס נישט געוואָלט גלייבן. ערשט ווען לעבן אונדזער „טישבעטל" האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי: „טעאַטראַל! גייסט נישט אַרויס זען די אַמעריקאַנער"? האָבן מיר גענומען גלייבן, אַז ס'איז מסתמא אמת, וואָרעם וויגאָדסקי וועט ביי די קלאָגעדיקע באַדינגונגען נישט האָבן קיין חשק פאַר אַזאַ הומאָר. דאַרף מען דעריבער אַרויסגיין זען און זיך איבערצייגן, צי ס'איז טאַקע אַזוי ווי מען זאָגט.

צונויפנעמענדיק די לעצטע כוחות בין איך אַראָפּ פונעם

„טישבעטל". מיינע חברים, הערשל און שליאָמעק, האָבן פאַרמאָגט אַ ביסל מער כוח פון מיר, האָבן זיי מיר געהאָלפן אַרויפצוציִען אויף זיך מיין רעקל, וואָס האָט מיר געדינט אַלס קאָפּקישעלע און פּאַוואָלינקע, שלעפנדיק קוים די פיס, האָב איך זיך מיט מיינע חברים אַרויסבאַקומען אין דרויסן.

אין לאַגערהויף האָבן מיר אויף אַן אמת דערזען פון וווייטנס מיליטער פון גאָר אַן אַנדערן מין ווי ביז איצט. מיר האָבן זיך דערנענטערט צו זיי און מיר האָבן געהערט ווי זיי רעדן ענגליש (נישט יעדער פון אונדז האָט דאָס, אגב, פאַרשטאַנען). זעענדיק ווי זיי זענען מכבד מיט שאָקאָלאַד און פּאַפּיראָסן, האָבן מיר ערשט באַנומען, אַז די פריִערדיקע קלאַנגען דערוועגן זענען נישט געווען קיין וויצן. און ס'איז ממש געווען צו שטוינען פון וואַנען ס'האָבן זיך צו אונדז גענומען אַזעלכע כוחות. מיר האָבן גענומען טאַנצן און שפּרינגען פון דער שׂמחה צו האָבן דערלעבט די גאולה.

גרוים איז געווען מיין שטאָלץ כלפּי די חברים, וועלכע כ'פלעג תמיד טרייסטן, אַז מיר וועלן נאָך דערלעבן צו זיין פרייע מענטשן.

— נו, חברה — רוף איך אויס צו זיי — מ'האָט זיי אין דר'ערד, צי נישט?

— אין דר'ערד! אין דר'ערד מיט די ביינער! אָבער נאָך ווי אַזוי אין דר'ערד — ענטפערן זיי מיר און פאַלן אין די אָרעמס. דער פאַרשטאָפּטער טרערן־קוואַל האָט ווידער זיך געעפנט און באַגאָסן אונדזערע פנימער.

וואָס ס'איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין אונדזערע הערצער, איז נישט שייך איבערצוגעבן. ווער ס'האָט דאָס נישט מיטגעמאַכט, וועט דאָס נישט באַגרייפן. די פרייד איז אָבער

באלד פארוואנדלט געווארן אין טרויער, מחמת אויף די שמוציקע הויפן זענען געלעגן אזוי פיל טויטע קאצעטלער. ס'הארץ האט געוויטיקט, וואס אויך זיי האבן נישט זוכה געווען צו דערלעבן די היטלער־מפלה, דאס איז דאך תמיד געווען אלעמענס ווונטש: כאטש איין שעה איבערלעבן און זען זייער סוף.

אונדזער באפרייונגס־טאג איז גראד אויסגעפאלן אין ערשטן מאי. דער דאזיקער טאג פלעגט תמיד מיט זיך ברענגען פרייד. א פשיטה איצט, בעת ער האט, אחוץ אלעם, אויך געבראכט די באפרייונג פונעם היטלער־קאשמאר.

האבן חברה „ארגאניזירט" א שטיק רויטע לייוונט, ארויפגעצויגן אויף א שטעקן ווי א רויטע פאן און מיט דעם דעמאנסטרירט אינעם לאגערהויף.

די אמעריקאנער מיליטער־פאליציי, וואס האט איבער־גענומען די השגחה איבערן לאגער, האט די ערשטע צייט קיינעם נישט ארויסגעלאזן פונעם לאגער, קענטיק, כדי צו קאנטראלירן, צי ס'זענען נישט צווישן אונדז פאראן באהאל־טענע ס. ס.־לייט.

אין לאגער גופא האט מען דעמאלט באקומען חיונה בשפע. איך און מיינע חברים האבן אבער מער נישט געהאט קיין חשק נאך אלץ צו געפינען זיך הינטער שטעכלדראטן. מיר האבן ביי זיך באשלאסן איבערצולאזן דעם לאגער און זיך ארויסצוקריגן אויף דער פרייער וועלט. אבער ווי אזוי טוט מען דאס? די מ. פ. האט געהאט א באפעל צו שיסן אויף יעדן איינעם, וואס וועט דאס וואגן צו טאן אן זייער דערלויבעניש. איז אונדז איינגעפאלן מיר זאלן אומבאמערק־

טערהייט אונטערגראָבן אַ לאָך הינטער די שטעכלדראָטן, און בעת די וואַך האָט שפּאַצירט אין דער פאַרקערטער ריכ־טונג, האָט מען אונטערגעהויבן די דראָטן, און איינער נאָכן אַנדערן האָבן מיר זיך אַרויסגעגליטשט און זיך אַרויסבאַ־קומען אויפן אַספאַלטירטן וועג.

# די נקמה־נעמער

די צוואה פון די מארטירער פארן שיקן זיי אין גאז־קאמער: „אויב איר וועט בלייבן לעבן, געדענקט נקמה צו נעמען פאר די אומשולדיק פארשניטענע לעבנס" — האבן מיר געהאלטן פאר א הייליקן חוב מקיים צו זיין. נקמה אויף אלע אופנים, נקמה פאר אלץ און פאר אלעמען. מיט אונדזער קנאפן פיזישן כוח זענען מיר אבער נישט געווען ביכולת זיך אפצורעכענען מיט די דייטשן, זיי באצאלן מידה כנגד מידה, אזוי ווי זיי האבן זיך דאס פארדינט. ווען ווילנדיק לפחות טיילווייז מקיים זיין די צוואה פון די חברים, איז ביי אונדז געבליבן זיך צו לאזן איבער דייטשישע שטיבער און דארט חרוב מאכן אלץ, וואס מיר וועלן נאר אנטרעפן.

מיר האבן באגעגנט אן אמעריקאנער יידישער אפיצער וואס האט פארשטאנען אונדזער מאמע־לשון, האט ער זיך אנגערופן צו אונדז:

— קינדערלעך, טוט אלץ וואס איר קאנט באווייזן, נעמט נקמה ווי לאנג ס'איז נאך צייט. ווי נאר ס'וועט דא איינגעשטעלט ווערן א שטיקל ארדענונג, וועט שוין זיין צו שפעט.

מיר זענען געווען צופרידן צו האבן באגעגנט א יידישן אפיצער פון דער אמעריקאנער ארמיי, און דערצו אן אייגע־נער, א היימישער ייד, טאקע פון אונדזערע פוילישע יידן, וואס רעדט א געשמאקן ריינעם יידיש. אויך ער, דער אפי־צער, איז געווען גערירט פון דער באגעגעניש מיט אונדז. ער האט אונדז אוועקגעגעבן א ביסל זיסווארג און אויך

פּאַפּיראָסן אויף צידה-לדרך. מיר האָבן זיך מיט אים אָפּגעזעגנט און אַװעקגעגאַנגען פון אים אָנגעגורטע מיט מוט.

מיר פלעגן אָבער דעמאָלט זעלטן באַגעגענען אַ דייטש. נישט אין גאַס און נישט אין די הייזער. אומעטום פלעגן מיר רק טרעפן אויפגעפּראַלטע טירן און טויערן, װוּ ס'האָבן װייזט אויס, נאָך פּאַר אונדז באַזוכט לאַגערניקעס און געטאָן צו דער זאַך... מיר האָבן בלויז ממשיך געװען און דערגענצט די רעשט — צעהאַקט, צעבראָקט אַלץ װאָס איז געװען, אויפגעריסן די פּערענעס און צעלאָזט די פעדערן מיטן װינט.

ס'האָט שוין גענומען צופאַלן די נאַכט, דאַרף מען דאָך פון דעסטװעגן אַ טראַכט טאָן װעגן איבערנעכטיקן ערגעץ און אויך עפּעס איבערבייסן. דער מאָגן האָט שוין מער קיין חשק נישט צו זיין געדולדיק...

נישטערנדיק פון הויז צו הויז און פון שטוב צו שטוב, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ טיר פון אַ װוינונג, װאָס איז געװען פאַרשלאָסן, קאָן מען זאָגן, אויף זיבן שלעסער. זי האָט זיך אָבער באַלד געעפנט פאַר אונדז נאָכן זבענק אין דער טיר מיט דער פאַרזשאַװערטער ביקס, װאָס מיר האָבן געפונען אויפן װעג און זי געטראָגן מיט זיך װי אַ סטראַשידלע.

די טויט-דערשראָקענע פרוי, װאָס האָט אונדז געעפנט די טיר, האָט זיך ביי אונדז געבעטן רחמים, מ'זאָל איר קיין שלעכטס נישט טאָן, מחמת אויך זי איז אַ קרבן פון נאַציזם. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי אונדז געזאָגט, אַז אויך איר מאַן איז פאַרפייניקט געװאָרן פון די נאַצים און איז אומגעקומען אין אַ קאַצעט. איר איינציקע טאָכטער װידער, איז דאָ נישט לאַנג צוריק געפאַלן פון אַ שפּליטער, בעת זי איז געגאַנגען אין גאַס עפּעס איינקויפן.

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט מיט די בליקן, און נישט זייענדיק נאָך זיכער אין דער ריכטיקייט פון דער דייטשקעס רייד, האָבן מיר פון דעסטוועגן איינגעהאַלטן אונדזער כעס לגבי איר. די „יידישע גזלנים" זענען נאָך אַלץ געווען די בני־רחמנים, לפּחות ביז ס'וועט זיך אַרויסווייזן דער אמת פון אירע דערקלערונגען.

מיר האָבן איר באַפוילן קודם־כל צו דערלאַנגען עסן, און אויך צוגרייטן פאַר אונדז בעטן צום איבערנעכטיקן. דאָס איבעריקע וועט מען שוין שפּעטער זען.

די פרוי האָט טאַקע באַלד געמאַכט וועטשערע, אונדז אָנגעוויזן דאָס באַדצימער און יעדן פון אונדז געגעבן ריינע וועש, הויזן, וואָס זענען איר פאַרבליבן פון מאַן. זי האָט דאָס געטאָן מיט גרויס צופרידנקייט. עפּעס אַ קלייניקייט? האָבן ביי זיך אַלס קוואַרטיראַנטן אַזעלכע יחסנדיקע געסט... וועט דאָך איר קיינער מער נישט טשעפּען.

דער ענין איז אונדז אָבער פאַרגעקומען מיסטעריעז און איידער וואָס, ווען, האָבן מיר נאָך פאַרן לייגן זיך שלאָפן געוואָלט וויסן דעם אמת וועגן דער מעשה מיט איר דעפּאָר־טירטן מאַן. אפשר איז דאָס ביי איר בלויז אַן אויסרייד, כדי דערמיט צו געפינען ביי אונדז אַן אַליבי. אין דער אמתן קאָנען מיר גאָר דאָ האָבן פאַר זיך אַ ראַפינירטע נאַציסטקע, וואָס וויל איצט מיט אירע פאַלשע טרערן מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ געליטענע. און ווער קאָן וויסן, אויב איר מאַן, וועלכן זי באַוויינט אַזוי שטאַרק, ליגט נישט ערגעץ דאָ באַהאַלטן אינעם הויז, און ער קאָן נאָך ביי נאַכט, בעת מיר וועלן געשמאַק שלאָפן, אונדז דערמאָרדן? דערלאַנגט איר שליאַ־מעק אַ פרעג, צי ס'איז טאַקע אמת, אַז איר מאַן איז גע־וואָרן דעפּאָרטירט.

— אמת? — פרעגט די פרוי צוריק — הלוואי וואָלט דאָס נישט געווען אמת.

— ווען איז דאָס געשען? און פאַר וואָס? — פרעגט איר הערשל.

— וווּהין איז ער געוואָרן דעפּאָרטירט? — כאַפּ איך אויך אונטער מיט דער כוונה זי צו צעטומלען מיט עטלעכע פראַגעס מיט אַ מאָל, כדי אַזוי אַרום צו דערגיין, אויב זי זאָגט נישט קיין ליגן. קיין אויספאָרשונגס־ריכטער זענען מיר טאַקע נישט געווען, דערפאַר אָבער געניטע קאַצעטני־קעס. האָבן מיר זיך געפילט באַרופן צו זיין בקי אין הלכות דעפּאָרטאַציע.

מיט אַ ציטערדיקער וויינענדיקער שטימע הייבט אָן די פרוי פאַר אונדז איבערצוגעבן די געשיכטע פּרטימדיק:

— אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט איבער פינף יאָר צוריק. מיין גאָטזעליקער מאַן איז געווען אַ ייִד פון פּוילישער אָפּ־שטאַמונג. מיר האָבן געוווינט אין מינכען, ווו מיר האָבן געהאַט אַ גוט־סיטויִרט געשעפט פון ביזשוטעריע. מיר האָבן געלעבט גליקלעך און צופרידן, שעפּנדיק נחת פון אונדזער גערעאָטן טעכטערל. ביז ס'איז געקומען די היטלער־בעסטיע און האָט אונדז גענומען פאַרפאָלגן. זיי האָבן מיך געוואָלט צווינגען, כ'זאָל זיך צעשיידן מיט מיין מאַן דעם „יודע". ווי באַלד נישט, האָבן זיי מיר געדראָט מיט שיקאַ־נעס און שווערע שטראָפן. איך האָב נאַטירלעך נישט גע־וואָלט הערן די כוליגאַנישע „עצות", און נישט געשראָקן זיך פאַר זייערע דראָונגען. איך האָב געמיינט, אַז די פּלאָג וועט באַלד איבערגיין, זיי וועלן מיד ווערן זיך צו טשעפּען צו מיין מאַן.

געשען איז אָבער אַנדערש. אין אַ געוויסן טאָג, זענען

כוליגאַנישע הפקר־יונגען באַפאַלן אונדזער הויז, אויסגע־רויבט דאָס געשעפט, חרוב געמאַכט די וווינונג און דערצו נאָך געשלאָגן מיין מאַן. לסוף האָבן זיי אים מיטגעשלעפּט מיט זיך און ביז היינט ווייס איך נישט וואָס ס׳איז מיט אים ווייטער געשען. זיכער האָבן זיי אים ערגעץ דערמאָרדעט.

אָן מיין מאַן און אויך אָן מיטלען צום לעבן, האָב איך זיך מער נישט געקאָנט געפינען אין דער דאָזיקער געגנט, און כ׳בין מיטן קינד אַהערגעקומען דאָ אויפן דאָרף, צו מיין אַלטער מוטער, וואָס איז אין אַ קורצער צייט אַרום גע־שטאָרבן.

מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַמיט צו האַלטן, כדי צו קאָנען זיין אַ מוטער צו מיין קינד. לעצטנס איז ווידער געשען דאָס אומגליק מיט מיין קינד, און כ׳האָב מיין איינ־ציקע טרייסט פאַרלוירן אויף אייביק. אַך, גאָט, מיין גאָט! וואָס האָסטו פון מיר געמאַכט?!

ווען זי האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט זי אַרויסגע־נומען אַ פאָטאָגראַפיע און געוויזן אונדז. מיר האָבן דערזען אַ הדרת־פּנימדיקע יידישע פּאָר, זי מיטן שיין פאַרקעמטן שייטל, און ער מיטן פאַרשווירענעם בערדל און הויכן קאַפּעלע אויפן קאָפּ.

— דאָס — זאָגט זי צו אונדז — איז די פּאָטאָ פון מיין מאַנס עלטערן. ער פלעגט דאָס היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ — און ווידער זיך דערבייי פונאַנדערגעוויינט.

מיר האָבן אויפגעהערט ספקן אין דער אמתדיקייט פון אירע רייד, מיר האָבן זיך געגרייט צו גיין שלאָפן אינעם גרויסן צימער, וואָס די פרוי האָט פאַר אונדז צוגעגרייט.

אָבער ס׳האָט אונדז כלל נישט גענומען קיין שלאָף. קודם־כל זענען מיר נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון דער

פרוים איבערלעבונגען. צווייטנס, זענען מיר דורך דער לאַנ־
גער צייט פונעם לאַגער־לעבן שוין געווען אָפּגעוווינט פון
אַזאַ מענטשלעך געלעגער. מיר האָבן זיך פשוט דערין
נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען, זיך געוואָרפן פון איין
זייט אויף דער אַנדערער. ועל כולם — פון דער גרויסער
פרייד צו זיין שוין פרייע מענטשן, געפינען זיך אין אַ מענטש־
שלעכער שטוב, עסן אַ מענטשלעך עסן און ליגן אין אַ
מענטשלעך בעט. אַלע וויילע האָט אַן אַנדערער פון אונדז
אויסגעשריגן די פריידיקע שאלה: „מיר זענען באמת שוין
פריי״? איך גיב באַלד צוריק אַ פרעג: „מ׳האָט זיי אין
דר׳ערד, צי ניין״?

אַזוי האָבן מיר געברייעט פאַר גדולה ביז שפּעט.
ס׳איז אונדז פשוט געווען אַ שאָד צו פאַרשלאָפן די שעהען
פון פרייהייט.

מיר וואָלטן נאָך זיכער אַזוי געבריקעוועט די גאַנצע
נאַכט, ווען נישט דאָס, וואָס מיר האָבן געשוינט די געלי־
טענע באַלעבאָסטע. זאָל זי נישט מיינען, אַז מיר האָבן נישט
קיין מיטלייד מיט אירע צרות.

פאַרשידענע חלומות און פאַנטאַזיעס האָבן אין יענע
נאַכטיקע שעהען זיך געשפּונען אין אונדזערע דמיונות.
ס׳חלומט זיך מיר, אַז כ׳בין פריי, אַ ווײַלע שפּעטער —
אַז כ׳בין צוריק אין קאַצעט. אָט פריי איך זיך מיט מיינע
טייערסטע, און אָט זע איך זיי פירן אין גאַזקאַמער. אַ
געמיש פון פרייד און לייד האָבן אינעם מוח זיך געהוידעט,
נישט קאָנענדיק געפינען קיין תיקון.

באַגינען, ווי נאָר די זון האָט זיך אַריינגעגנבעט אינעם
צימער און מיך אויפגעוועקט פונעם זיסן שלאָף, איז ספּאָנ־
טאַן פון מיר אַרויס אַ געשריי: „שליאַמעק! הערשל! ווי

לאנג איז דער שיעור צו פּאַפּן? ס'איז דאָך שוין נאָכן גאַנג"!

דערשראָקענע האָבן זיי זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט און איך האָב זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט:

— נאַרישע קאַצעטניקעס וואָס איר זענט! וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן? איר זענט דאָך שוין פריי און דאַרפט הערן דעם גאַנג ווי דעם קאַטער.

די פרוי, אונדזער מכנים־אורחטע, דערהערנדיק, אַז מיר זענען שוין וואַך און ברייען אַרום, האָט זיך באַוויזן אין אונדזער טיר מיט אַ „גרים גאָט" פרעגנדיק העפלעך אויב מיר זענען גוט געשלאָפן, און אונדז פאַרבעטן צום פרישטיק.

די געשמאַקע האָבערגריץ, וואָס זי האָט דערלאַנגט צום טיש, איז ממש געווען אַ רפואה פאַר אונדזערע אָפּגע־שוואַכטע גופים, וואָס האָבן, ווי נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקייט, זיך גענייטיקט אין אַ לאַנגזאַמער און סיסטע־מאַטישער דערנערונג, מחמת אַ סך קאַצעטלער, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט באַהערשן און צו גיך צוגעכאַפּט זיך צום גוטן פעטן עסן, האָבן דערמיט באַצאָלט מיט זייער לעבן.

אויך די געשמאַקע יויך, וואָס די גאַסטגעבערין האָט פאַר אונדז אָפּגעקאָכט אויף מיטאָג, און די דין־געשניטענע לאָקשן, האָבן געהאַט דעם אמת יידישן טעם, טאַקע ווי ביי אונדזערע מאַמעס אין שטוב.

מיר וואָלטן אפשר נאָך לענגער פאַרבליבן אין דער אכסניה ביי דער פרוי. יעדן פון אונדז האָט אָבער געצויגן און געיאָגט אין שטאָט אַריין די האָפענונג צו געפינען אַ קאָנטאַקט, און אפשר באַגעגענען עמעצן, וואָס זאָל איבער־געבן אַ פּרט וועגן וועמען פון אונדזערע טייערע. מען האָט

זיך אַלץ נאָך איינגערעדט, נישט געמאַכט זיך גלייבן אין דער טרויעריקער ווירקלעכקייט, אַפילו נישט אין אונדזערע דער־פאַרונגען. מיר האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אונדזערע נאָענטע זענען שוין פאַרשוווּנדן אויף אייביק פון דער לעבעדיקער וועלט.

דאָס איז געווען אַן אילוזיע, אַן איינרעדעניש, אַ חלום, וואָס האָט נישט קיין באָדן, און במילא אויך נישט קיין האַפט. קיינער פון אונדז דריי, אחים־לצרה, האָט שוין מער נישט געזען לעבעדיק זיינע נאָענטע.

# אינהאַלט



## ערב אוישוויץ



## אין אוישוויץ



## נאָך אוישוויץ

